# פון צייט צו צייט

„קונסט-פערלאג".
קיעוו. תרע"ב.

ז. י. אנכי.

# ווינטער.

## I

עטליכע טעג נאך סוכות. א גאנצען פריה-מארגען האט זיך גאט'ס וועלט צו וואס נייעס געגרייט. א קאלטער ווינד האט א נייע בשורה געבראכט. די ערד האט זיך טרוקען איינגעקארטשעט, ווי אנ'אלט אבגעלעבט פנים. דאס גאנץ שטעדטעלע רענא זעהט אויס אזוי קאלט, וואכעדיג און פערלארען. גלייך, עס האט זיך אט ערשט טרויעריג געזעגענט מיט וועמען אויף א צייט, אויף לאנג. צעהן יאהר נאכאנאנד בין איך אין דעם שטעדטעלע ניט געוועזן. געוואנדערט אויף דער ברייטער וועלט. מיט צעהן יאהר צוריק האבען נאך דאן מיינע עלטערען געוואוינט דא, אין רענא. און איך בין דאן אוועק אין דער ברייטער וועלט מיט א יונגען צוואנציג-יאהריגען געמיט, מיט א פריש פנים און א פרעהליכען שטערן. דער מאמע'ס פערוויינטער פנים, ווען זי האט זיך מיט מיר געזעגענט, געדענק איך נאך איצט. א גאנצען פריה-מארגען איז דאס פנים מיר פארגעשטאנען.

צו אוועגד צו איז שוין ארויסגעפאלען דער ערשטער שניי. א פרישער, א קאלטער, א ווייסער. איך האב זיך אנגעטון ווינטערדיג. בין פון שטוב ארויס.

א פרישקייט פון פראסט און שניי בעגעגענט מיך. אויף גאטס וועלט איז שוין דער ווינטער געקומען. א פרישער, א קלארער, א ווייסער. פון איין זייט שטעדטעלע צו'ם וואלד צו איז א וואלקען פערצויגען. ווא-

בעדיג, ברוגז׳דיג. ער האט עפּיס, דאָרט, מיט דעם וואַלד אַ שייכות. ביידע ערנסטע, פעסט אין זייער ברוגז און פערשטעהען איינס דעם צווייטען. פון דער צווייטער זייט איז שוין דער הימעל ריין. עס איז שוין אויסגעשטערנט אַ קאַלטער, אַ ריינער ווינטער־הימעל. פערפראָרען אין אַ ווייסער שטילקייט איז אַלץ אַרום. די הייזער פון דעם שטעדטעלע, אונטער זייערע ווייסע, שנייעדיגע דעכער, זיינען ווי נידעריגער געוואָרען, קלענער און שטומער. קליינע שנייעלעך, פערשפּעטיגט, אָדער גלאַט געשטיפּט, דרעהען זיך נאָך אַרום אין דעם טונקעל־ווייסען אויר. פון איינציגע קוימענס געהט אַ רויך. גלייך צו׳ם קאַלטען הימעל צו. געוויס שטעהט דאָרט איצט, אין אַ שטוב וואו, ביי׳ם אייוועץ, אַנ׳אָנשטענדיגע, אויסגערעכענטע בעלת־הבית און פרעגעלט דעם אתרוג צו׳ם טעה אין די גרויסע, לאַנגע, באַלד אָנקומענדע ווינטער־נעכט. ניט ווייט, ביי׳ם ברונען דאָרט, שטעהען צוויי. שוואַרצע ווי שאָטענס. דער אָציפּ סקריפּעט ווינטערדיג. עמיץ טרינקט־אָן אַ פערד.

איך געה צו צו׳ם ברונען. איך דערקען חיים דעם בעל־עגלה. איך קען איהם נאָך פון אַמאָל. האָב שוין איהם הײנט בײטאָג געזעהן. ער איז אָנגעטון אין אַ גרויסען, שוואַרצען פוטער. זיין שוואַרץ האָריג געזיכט, בעהאַלטען אין שעפּסען־שוואַרצען קאָלנער, זעהט איצט אויס אַזוי שוואַרץ, אַזוי האָריג.

— גוט אָוונד, — בעגריסט ער מיך.
— גוט יאָהר.
— עס איז שוין ווינטער — זאָגט ער.
— יאָ.
— אַזוי פריה!
— יאָ — בין איך מסכים.

ער טרייבט אָב דעם פערד פון ברונען. נעמט אין האַנד די פערפראָרענע עמער און געהט אוועק נאָכ׳ן פערד איבער׳ן גאַס.

איך שטעה אין גאַס אַליין. דערמאָנט זיך: אַז מען וואַשט זיך אויס מיט דעם ערשטען שניי, איז מען ווייס. איך נעהם־אָן ביידע הענד שניי. וואַש אויס די הענד, דאַס פּנים און געה צוריק אין שטוב אַריין.

ביי מיר אין שטוב איז נאָך פינסטער. ערשט עטליכע טעג, אַז איך בין געקומען אַהער. האָב איך זיך געדונגען אַ דירה פון דריי צימערען. בעשטעלט אַ אידענע, אַ שכנה דערביי, וואָס דאַרף צו מיר קומען אַלע טאָג קאָכען פאַר מיר, הייצען מיין דירה, אויסראַמען זי און אָנצינדען פייער. זי האָט זיך עפּיס הײנט פערשפּעטיגט. איך שטעה אין דער

פֿינסטער, ווִיש מײַן פּנים, מײַנע הענד און קוק דורכ'ן פֿענסטער אין דער ווײַסער נאַכט אַרײַן.

די טיר האָט זיך געעפֿענט. עס איז ווער אַרײַן. די אידענע איז געקומען.

— גוט אָוונד.

— גוט יאָהר — ענטפֿער איך — גוט יאָהר אײַך, חנה.

— אַ, וואָס זאָגט איהר? — וואונדערט זי זיך צו מיר — עס איז דאָך שוין ווינטער.

— יאָ — זאָג איך.

— אַזוי פּריה, אַזוי פּריה.

— יאָ — בין איך מסכּים.

איך געה ווידער אין גאַס אַרויס. עטליכע אידען געהען שנעל איבער'ן גאַס, אײַנגעקאָרטשעט אין זיך. ס'ווײַזט אויס פֿון בית המדרש, פֿון מעריב דאַווענען. זיי ווערען גיך פֿערשוואונדען אין די הײַזער. נאָר אײנער פֿון זיי איז אין גאַס פֿערבליבען. אַ שווארצער ווי אַ שאָטען. ער געהט זיך אַלײן איבער דעם ווײַסען, קאַלטען שטעדטעלע אַהין ווײַט, ווײַט צו'ם סוף שטעדטעל צו און ווערט דאָרט פֿערשוואונדען. איך געה אַרום איבער'ן גאַס הין און צוריק. די שײַן פֿון די פֿענסטער פֿאַלט ערטערווייז אויף דער ברייטער, ווײַסער גאַס און בעגילט דעם ווײַסען שניי. נעבען אײניגע הײַזער שטעהען שוואַרץ־שיווע ביימער און נעבען זיי אויפ'ן שניי זײַנען פֿערפֿראָרען זייערע שוואַרצע שאָטענ'ס. איך קוק וואו אין אַ פֿענסטער אַרײַן. אַנ'אַלטע אידענע זיצט בײַ'ם טיש און פֿעריכט אַ פוטער. ווינטערדיג ברענט דער לאָמפּ אויפ'ן טיש. עמיץ זאָגט מיר „גוט אָוונד". איך קוק זיך אײַן אין איהם. איך דערקען איהם נישט. איך ענטפֿער: „גוט יאָהר".

דער אומבעקאַנטער שטעלט זיך אָפּ.

— אַ, אַ, געקומען און געוואָרען ווינטער.

— יאָ — זאָג איך.

— אַזוי פּריה, אַזוי פּריה.

— יאָ — בין איך מסכּים.

דער אומבעקאַנטער געהט אַוועק. איך פֿערגעה צו זיך אין שטוב. חנה, אַ עלטערע אידענע, מיט ביטערע שטריכען אין איהר פּנים, זיצט נעבען הרובע. די הרובע הויצט זיך. חנה זיצט טיף פֿערקלערט. דערמאָנט זיך וואָס פֿון דאָס איבערגעלעבטע? אַזוי ערנסט איז איהר פּנים.

זי בעמערקט מיך. ווערט זיך אַביסעל אָן.

— גוט אָוועגד, קראָן, גוט אָוועגד — זאָגט זי מיר. ווייזט אויס פערגעסען זיך, אַז מיר האָבען זיך שוין היינט אָוועגד געגריסט.

— גוט יאָהר — ענטפער איך.

— אַ, שוין אמת'ער ווינטער.

— יאָ.

— ווינטער. אַזוי פריה.

— יאָ.

איך וואַרים מיך אָן אַביסעל און געה ווידער אין גאַס אַרויס. מען דאַרף אַרויסגעהן חוצ'ן שטעדטעל. וואוהין? דאָרט צו'ם וואַלד צו? דער וואַלד, דער וואָלקען דאָרט זיינען אַזוי ברוגז'דיג. איך געה צו'ם אַנדערען זייט שטעדטעל. איך פערלאָז דאָס שטעדטעל. איך שטעה אין פעלד. איך שטעה צווישען אַ קאַלטען אויסגעשטערנטען, קלאָרען ווינטער־הימעל און אַ ווייסער ערד. הינטער מיר אַ קליין אידיש שטעדטעל. אַלץ אַרום איז קאַלט, ווייס, קלאָר און שטיל. וואָס דערצעהלט אַזאַ נאַכט דיין נשמה? נאַכט־סודות? ניין... דער קאַלטער, העלער, ווייכער שניי האָט זיי איצט פעריאָגט פון צווישען הימעל און ערד. נאָר קאַלט, קלאָר און ערנסט דערצעהלט זיך דיר: ווייס בין איך און קאַלט, קאַלט און ווייס. מענש, דו ווילסט וויסען ווער בין איך און וואָס בין איך? זעץ זיך דאָ, אָט אין מיטען דעם ווייסען פעלד, זעץ זיך. מיט שניי וועל איך דיך בעשיטען. מיט קאַלטען, מיט ווייסען, מיט קלאָרען שניי. אַ שעהנעם, אַ ווייסען בארג וועל איך מאַכען אַרום דיר, אויף דיר, אויף דיין קאָפּ, אויף דיין האַרצען. אין מיינע ווייסע אָרעמס וועסטו איינשלאָפען און דיר וועט חלומ'ען אַ ווייסער, ווייסער חלום. מענש, דו ווילסט? — איך בין ווייס, איך בין ווייס.

---

איבער אַ נאַכט איז דער שניי נאָך העכער אָנגעפאַלען. און אויף מאָרגען איז מען שוין געגאַנגען אין שול אין ווינטערדיגע בגדים. ביי די פיס האָט זיך דער פרישער שניי געקלעפּט. אַ גאַנצען פריה־מאָרגען בין איך ביי'ם פענסטער געשטאַנען. האָב געקוקט אויף דער ווייסער, פרי־שער, רוהיגער גאַס. האָב געזעהן ווי מען געהט אין שול. די פנימ'ער ערנסט. דער רב אַ הויכער, אַנ'ערנסטער, איז געגאַנגען אָנגעטון אין זיין ווינטערדיגען שטריימעל. זיינע קאַרע אויגען זיינען פער'דאגה'ט. זיין פלייצע עטוואָס איינגעבויגען. איך האָב איהם דערקענט. אָבער זיין באָרד איז שוין אינגאַנצען גראָה געוואָרען. ווייס ווי דער שניי. פון שול איז ער שוין געגאַנגען פרעהליכער, די פלייצע גלייכער, די אויגען אָפענער. חנה האָט מיר דערצעהלט:

— היינט האָט מען אין שול, נאָכ'ן דאַוונען, געמרעדט וועגן האַלץ פאַר די אָרימע לייט. דער רב אונזערער, אַ טייערער איד. ער האָט עס דעם שמועס פערפיהרט. און ר' לייב בורשטיין האָט צוגעזאָגט, ווי אַלע יאָהר, צעהן קלאַפטער האָלץ.

זי האָט זיך פערטראַכט אַ ווײַלע און האָט געזיפצט:

— ס'ווייזט אויס, עס וועט זיין אַ שווערער, אַ לאַנגער ווינטער.

איך שטעה אַלץ בײַ'ם פענסטער און קוק אין גאַס אַרויס. קעגענאיבער מיין וואוינונג, בײַ זיך אויפ'ן אָפּענעם הויף, פעריכט ירחמיאל, דער קאַראָבייניק, זיין שליטען און רחל־לאה, זיין ווײַב, העלפט איהם. איך געדענק זיי נאָך פון אַמאָל. ער, אַ איד אַ שטילער, מיט תמ'עוואַטע ליפען, מיט אַש'ענע, ערנסטע אויגען. אַזוי שטיל און האַרציג זאָגט ער תהילים שבת־פאַרנאַכט אין בית המדרש. זי, אַ נידעריגע, אַ פוליבע. איהר פנים, עטוואָס צעקנייטשט, אָבער אַ וואַרימעס, אַ רוהיגעס. אַ ציכטיגע, שטילע, גאָטס־פאָרכטיגע אידענע. זייערע קינדער זיינען נאָך דאַן פאַר מיר זיך צעפאָהרען אין אַמעריקע און זיי זיינען געבליבען נאָר זאַלבענאַנד. זיי פלעגען מיר דאַן ברענגען לייענען די בריעף פון זייערע קינדער. זומער פאָהרט זי מיט איהם אין דאָרף. בײדע שטילע, שטומע פלעגען זיצען אין דעם אַלטען, צעבראָכענעם וואָגען. זייער אַלטער, דיקליכער, געלער פערד פלעגט זיך געהן לאַנגזאַם. און אַלע דריי פלעגען זיין רוהיג, ערנסט. ירחמיאל איז איצט אָנגעטון אין אַנ'אַלטען צעריסענעם בגד. אויפ'ן האַלז אַ טיכעל פערבונדען. וואַרימט אָפּט מיט'ן מויל זיינע הענד. רחל־לאה שטעהט נעבען איהם, העלפט איהם און שוקט איהם אין שטוב. ווייזט אויס אָנוואַרימען זיך.

אין גאַס איז שטיל, רוהיג. די מאַנסביל קוקען איצט אַרום, מסתמא, די אייוועגס, די פענסטער. די ווײַבער פעריכטען די ווינטערדיגע בגדים. רוהיג, שטיל. אַ ווייס, שטיל שטעדטעלע. גוט. איך וועל דאָ געוויס קאָנען אַרבייטען. ענדיגען דאָס בוך, וואָס איך שרייב. מיין אַרבייט איצט איז אויך אַ רוהיגע, אַ שטילע: דער סאָציאַל עקאָנאָמישער צושטאַנד אין די אידישע שטעדטלעך — ציפער און ציפער. יאָ, איך וועל דאָ געוויס קאָנען אַרבייטען. אַ שטיל, אַ ווייס שטעדטעלע.

ביז בייינאַכט בין איך פון שטוב ניט אַרויס. כ'האָב אײַנגעאָרדנעט מיין וואוינונג. צוגעגרייט זיך צו אַרבייטען. די דריי צימערען פון מיין וואוינונג קומען אויס אַזוי: באַלד בײַ'ם אַרײַנגאַנג אין שטוב איין צימער אַ גרויסער און בײַ די זייטען פון איהם, איינער קעגען דעם אַנדערען, צוויי עטוואָס קלענערע צימערען. האָב איך איינעם צוגעגרייט פאַר אַנ'אַרבייט־צימער, דעם צווייטען פאַר אַ שלאָף־צימער. דער אַרבייט־צימער איז

כמעט א פוסטער. מעהר ניט א טיש אוועקגעשטעלט אין מיטען. ביי איין וואנד א קליינע סאפקע, א שטול נעבען טיש. ניט ווייט פון טיש א עטאזשערקע מיט ביכער. גאר נויטיגע ביכער צעלייגט אויפ'ן טיש. גאר גרייטיג צו ארבייטען. אויפ'ן וואנד, קעגען טיש, האב איך אויפגעהאנגען הירשענבערגס „גלות". איבער דער סאפקע, אויפ'ן וואנד, איז געבליבען הייננגען, דעם בעל-הבית'ס פון דירה, א בילד: דאס בילד פונ'ם אלטען רבי'ן, ר' שניאור זלמן פון ליאדי, מיט זיינע שטאלצע, הויכע, הימלישע אויגען און שטערן.

מיין אייגען בילד, וואס מיינער א בעקאנטער קינסטלער האט מיך ניט לאנג געמאלט, האב איך אויפגעהאנגען אין מיין שלאף-צימער, קעגען מיין בעט. דער קינסטלער האט מיך געמאלט אין מיין גאנצען הויך. איך בין איצט אנגעטון אין דעם זעלבען קאסטיום, אפילו אין דעם זעלבען שלויפעל. א צייט געשטאנען נעבען מיין אייגענעם בילד. געקוקט אויף איהם. געקוקט אויף זיך אליין. א הויכע פיגור, זיכערע, אבער עט-וואס ווי איינגעבויגענע פלייצעס, דער פנים לייינגליך. א לייכטע, יונגע, געדיכטע, עטוואס שפיציג-געשארענע, שווארצע בארד. די פארם פון די אויגען מאנדעל-פארם, שווארץ-קארע. ארום זיי קליינע קנייטשלעך. דער שטערן, אין דער הויך, ביי די שלייפען, עטוואס בולט. א גרויסער, א הויכער מיט ריינע שלייפען-ווינקלען. ביי די ווינקלען פון די פולע ליפען צוויי דינע, אומרוהיגע, ביטערע קנייטשלעך. די הענד טרויעריגע, מיט לאנגע, אומרוהיגע פינגער. א צייט ניט געקענט אוועקגעהן פון מיין אייגענעם בילד. איך בין עס?

ביי נאכט בין איך אוועק צו ר' לייב בורשטיינ'ען. מען נעמט מיך זעהר ווארים צו. ר' לייב בורשטיין איז דער גביר פון שטעדטעל. זיין שטוב איז די גרעסטע, די שעהנסטע פון גאנץ שטעדטעל. מיט א סך פענסטער צו'ם גאס, מיט ווייסע לאדען, מיט א גרויסען בעל-הבית'ישען הויף ארום שטוב. ער איז א וואלד-סוחר. א איד פון א יאהר פופציג, א למדן. קען דעם רמב"ם, ווייסט פון זיין מורה נבוכים. ווייסט אויך פון מענ-דעלסאנ'ען. האט פאר איהם דרך-ארץ, ווייסט אבער בעשטימט און זיכער, אז די אמת'ע אידישע חכמים זיינען טיעפער פון איהם, מיט מעהר אמונה, מעהר אמת און מעהר חכמה אפילו. ער איז א הויכער, מיט פעסטע, זיכערע פלייצעס. האט א קלוג אידיש געזיכט, העל-קארע אוי-גען, מיט א שמייכעל אויף די ליפען. זיין ווייב, שרה, אין די זעלבע יאה-רען, די זעלבע הויך, איז א שעהנע, רוהיגע פרוי. און ביי ביידען איין שמייכעל, איין בליק. די זעלבע בעוועגונגען. ווער ביי וועמען האט זיך געלערנט? — זיי האבען שוין ביידע פערגעסען.

איך זיץ בײַ בורשטײַנ׳ען אין עס-צימער, בײַ׳ם גרױסען עס-טיש. דער צימער איז אַ גרױסער. ס׳איז ליכטיג, װאַרים, בעקװעם. דער גרױ-סער טיש איז אַרומגעשטעלט אַרום און אַרום מיט שטולען. בײַ אײן װאַנד פון צימער שטעהט אַ בופעט. אַ זיכערער, אַ רוהיגער. ניט װײַט פון טיש, נעבען דער אַרײַנגאַנג-טיר, בײַ׳ם װאַנד, שטעהט אַ קלײן סאַ-מאָװאַר-טישל. דער סאַמאָװאַר אױף איהם זידט איצט װאַרים און הײמ-ליך. אױף דער אַרײַנגאַנג-טיר, אױבען אױפ׳ן װאַנד, איז אַ שװאַרצער, קעס-טעלדיג-פיערקאַנטיגער סימן: זכר לחורבן.

מיר טרינקען טעה. בורשטײַן שמײכעלט:

— אָ, הער קראָן, איהר האָט דאָך גאָר אַ גאַנצע װעלט אױס-געזעהן.

שרה שמײכעלט-נאָך גאַסטפרײַנדליך.

— איהר זענט, דאַכט זיך, דאָ, פון דאַנען, אין אױסלאַנד געפאָהרען שטודירען? — פרעגט בורשטײַן.

— יאָ.

— קײן בערלין?

— נײן, קײן ציוריך.

— זענט איהר דאָך אַ דאָקטאָר?

— נײן. איך האָב נישט געענדיגט. בײַ׳ם רעכטען ענדיגען געלאָ-זען עס און צוריק קײן רוסלאַנד געקומען.

— און דערנאָך די גאַנצע צײַט אין רוסלאַנד געװען?

— נײן. שױן עטליכע מאָל װידער אין אױסלאַנד געװען און װידער צוריק געקומען.

שרה קוקט אױף מיר ערנסט. בעטראַכט מיך.

— איהר מײנט, אַז מען װײסט נישט? — װענדעט זיך שרה צו מיר מיט אַ שמײכעל — מען װײסט. איהר זענט שױן אין טורמע אױך געזעסען. אמת?

— אמת.

— און, דאַכט זיך, — שמײכעלט בורשטײַן — ניט אײן מאָל. נו דערצעהלט עפּיס פון דער װעלט.

איך רײד װאָס, דערצעהל. בורשטײַנס טאָכטער, מירע, אַ יונג מײדעל, אַ יאָהר צװאַנציג, זיצט אױך בײַ׳ם טיש מיט אונז. עס װאונדערט מיך אַביסעל, װאָס זי האַלט זיך ביז קינדעריש שעמעװדיג. אָנגעטון איז זי אױך אַזױ קינדעריש יונג און פּראָסט. איהרע פולע האָר אױפ׳ן קאָפּ זײַנען גלײַך פערקעמט אַרױף מיט אַ שרינט אין מיטען און אַ לאַנגער, דיקער שװאַרצער צאָפּ, הײנגט אַראָב איבער איהרע שעמעװדיגע פּלײ-

צעס. ביי'ם עק צאָפּ אַ רייטע, זיידענע לענטע. און איך ווייס דאָס מיי־ דעל איז שוין אין דער וועלט געווען, אין אויסלאַנד זיך געלערנט. בור־ שטיין פרעגט מיך:

— איהר שפּילט אין שאָך?

— יאָ.

מירע שטעהט אויף פון טיש און געהט אַוועק אין אַ צווייטען צי־ מער. איך שפּיל מיט בורשטיינ'ען אין שאָך. שרה זיצט דערביי. ווי עס ווייזט, וועט איהר פערדריסען, אויב איך וועל די פּאַרטיי געווינען. בור־ שטיין שפּילט גוט. לאַנגזאַם אַביסעל, אָבער לאָגיש, אויסגערעכענט און ריין. איהם געפעהלט מיין שפּילען.

— איהר שפּילט, הער קראָן, אויסגעצייכענט. ווי זיכער איה געהט, גיך און פעסט. נו, די פּאַרטיי וועט געווים זיין אייערע.

שרה וויל עס נישט:

— עס איז שוין דען אויף געווים?

יאָ, יאָ. די פּאַרטיי, ווי עס שיינט, איז טאַקי מיינע. נאָך צוויי, דריי גענג און בורשטיין איז מאַט.

בורשטיין וואונדערט זיך:

— הער קראָן, וואָס טראַכט איהר אַזוי? איך בין דאָך אין צוויי, דריי גענג מאַט. געהט און גיט מאַט.

— וואַרט, הער בורשטיין, איך זעה עס. נאָר איך זעה נאָך וואָס.

בורשטיין וואַרט אַ ווײַלע, אָבער מעהר וויל ער נישט:

— נו, וואָס? גלאַט געזעסען און געוואַרט. עס איז דאָך קלאָר. נישטאָ וואָס צו וואַרטען.

ענטשולדיגט, הער בורשטיין, ענטשולדיגט, באַלד, באַלד.

בורשטיין וויל ניט. ער גיט זיך אונטער.

— מאָדנע שפּילט איהר, הער קראָן, — זאָגט בורשטיין — ויען אויפ'ן ברעט'ל איז נאָך גאָרנישט קלאָר פאַר אייך, געהט איהר דאַן אַזוי זיכער, אַזוי פעסט. און ווי אויפ'ן ברעט'ל ווערט אַזוי קלאָר, אַזוי זיכער אייער נצחון, אַז איך זאָג אייך, אַ קינד אַפילו קאָן עס זעהן, ווערט איהר זיך דאַן אָן. מאָדנע.

שרה'ן פערדריסט פאַר בורשטיינ'ען:

— נו, טרעפט איין מאָל, אַז מען פערשפּילט. טרעפט אַמאָל אַ טעות אויך...

בורשטיין קוקט אויף איהר און שמייכעלט.

איך געה אַוועק פון בורשטיינ'ען. אין גאַס בעגעגען איך ירחמיאל דעם קאָראָבייניק. ער פאָהרט פון דאָרף. אין גאַס איז שטיל. אין שטעד־

טעל שלאָפּט מען שוין. דער שליטען גליטשט זיך שטיל איבער דער ווייסער גאַס. ירחמיאל זיצט אין שליטען און קוקט פּאָראויס זיך. אויף זיין שטוב, ווייזט אויס. אין זיין שטוב ברענט נאָך פייער.

— גוט אָוונט, ר׳ירחמיאל, — ווענד איך זיך צו איהם.

ירחמיאל האָט אויף מיר אַ לאַנגען קוק געגעבען.

— אַ, זעה, קראָן!

ער געהט אַראָב פון שליטען. גיט מיר שלום:

— איך האָב טאַקי געהערט, אַז איהר זענט געקומען.

ער וויל מיר נאָך וואָס זאָגען און שווייגט. מיר געהען ביידע שטילערהייד נאָך זיין שליטען.

— ברייננגט מיר, ווי אַמאָל, די בריעף פון אייערע קינדער לייענען, בעט איך איהם.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק. מיר וועלען ברייננגען — זאָגט ער צופרידען.

געקומען אהיים. חנה זיצט און וואַרט אויף מיר. איך קוק אויף איהר אַלטען צעקנייטשטען פּנים. אַ גאַנצעס לעבען אין די קנייטשען פער׳חתמ׳עט. אַ לעבען, אַ לעבען.

— אַ גוטע נאַכט, — זעגענט זיך מיט מיר חנה און זי געהט אַוועק.

---

אויף מאָרגען, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָט שוין די זון געשיינט. נאַטס וועלט איז געווען פעסט, קאַלט, ווייס און בעגולטען מיט אַ פריז־שער, ווינטערדיגער זון.

אַ גאַנצען טאָג געזעסען ביי׳ם אַרבייט־טיש און געאַרבייט. עס אַרבייט זיך רוהיג, שטיל. ווי שטיל, רוהיג און ווייס עס איז אַרום מיר. אַ ווייסע רוהיגקייט נעמט מיך אַרום.

ביינאַכט בין איך אַוועק צו חוה ראָקין. חוה׳ס פאָטער איז רייך געווען. זי איז דאַן אויף דער וועלט אומגעפאָהרען, זיך געלערנט. איך האָב זיך מיט איהר אין בערלין געטראָפען. איין מאָל נאָר, און דאָס מעהר נישט ווי אייניגע מינוט געזעהען זיך. זי האָט דאָרט זיך געלערנט. איז איהר פאָטער געשטאָרבען. חוה איז באַלד אהיים געקומען און פון דאַן אָן, שוין אַ יאָהר צוויי פון שטעדטעל ניט אַרויסגעפאָהרען. חוה איז אַלט אַ יאָהר פינף און צוואַנציג, מיט אַ מיטעלמעסיגען געוואוקס, עטוואָס אַ פוליבע פיגור און בלאָנדע האָר געדיכטע, פערבאַרשטען מיט אַ הויכליכען פערקעם. פון אַמאָל זיינען איהר איצט נאָר איבערגעבליבען ערא‌ינערונגען. אויך אַ אַלבאָם מיט בילדער פון דער שווייץ, איטאַליען

און איינִיגע בילדער פון בעקאַנטע. און אַלס עדות, אַז זיי זענען רײַך געווען, זייער גרויסע, אַלטע שטוב, פערפלאַנצט אַרום מיט ביימער, און אַ גרויסער, פערלאָזענער הויף נעבען שטוב.

ביי חוה'ן האָב איך געטראָפען מנשה'ן. אַ בחור פון אַ יאָהר זיבען און צוואַנציג. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אויסגעשטעלטע אויגען. איך האָב זיך מיט איהם אין איינִיגע שטעדט בעגעגענט. געלעבט האָט ער דאָרט פון שטונדען און געוואַרט אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. דערעסען איהם, ווייזט אויס, דאָס וואַרטען און איז אַהיים געקומען. אויך האָב איך דאָרט געטראָפען, בורשטיין'ס שותּפ'ס טאָכטער, ביילע. אַ דאַר, הויך מיידעל, פון אַ יאָהר דריי און צוואַנציג, מיט אַ נערוועזען, גרויסען מויל. מנשה זיצט, האַלט אַ בוך פאַר זיך און קוקט אין איהם. ביילע זיצט ניט ווייט פון איהם און דערצעהלט:

— דעם ווינטער וועל איך שוין געוויס אַוועקפאָהרען פון דאַנען. איך וויל זיך לערנען. עס איז נאָך ניט שפּעט פאַר מיר. איך וויל זיך לערנען.

מנשה הויבט אויף זיינע מידע אויסגעשטעלטע אויגען פון בוך און איז מכוּפים:

— געוויס, געוויס. איהר דאַרפט פאָהרען.

חוה קוקט פון צייט צו צייט אויף מיר און איז פערטראַכט. ס'אַראַ גוטע, מוטערליך גוטע אויגען זי האָט.

איך געה אַוועק פון חוה'ן. איך געה אַרום אַליין איבער'ן שטעדטעל. אין גאַס איז שטיל. מען זעהט קיינעם ניט. אין שטעדטעל שלאָפט מען נאָך ניט. די שיין פון די פענסטער בעלייכט ערטערווייז די ווינטער-דיגע נאַכט-ווייסע גאַס, די שוואַרץ-גראָהע ביימער נעבען די פענסטער און די שטילע, פערפראָרענע שאָטענס ביי די ביימער. ביסלעכווייז פערלע-שען זיך אין די פענסטער די פייערען. איך געה שוין אַרום צווישען פינ-סטערע, פון ביידע זייטען, הייזער מיט ווייסע דעכער. עס איז שטיל, רוהיג. אונטער מיינע פיס סקריפּעט דער שניי. אַרום שטעדטעלע ווייסע פעלדער. דער הימעל איז ווינטערדיג אויסגעשטערנט. עס דוכט, אַז עס איז שוין לאַנג ווינטער. עס איז שוין פון אַ צייט-לאַנג אָט דער שטילער, פעסטער, ווייסער ווינטער.

אין דער היים ווידער געטראָפען חנה'ן. זי האָט געוואַרט אויף מיר. זי שטעהט אויף און זעגענט זיך מיט מיר:

— אַ גוטע נאַכט.

און זי געהט אַוועק.

## II

אַ סך טעג אַריבער. איך שטעה אויף ווען די זון שײַנט שוין. אַ גאַנצען טאָג אַרבײַט איך. בײַנאַכט געה איך אַרײַן אַ ווײַלע צו חוה׳ן. חוה קוקט אויף מיר מיט איהרע גוטע, מוטערליך גוטע אויגען. איך געה אַוועק פון חוה׳ן. געה אַרום אַלײַן איבער דעם שטעדטעלע. איך קום אַהײם. חנה זעגענט זיך מיט מיר: אַ גוטע נאַכט.

אַ סך טעג אַזוי אַריבער.

אויפ׳ן האַרצען איז רוהיג, שטיל. איך קוק אָפט אויף מײַן בילד. ווי רוהיג מײַן פנים איז. יאָ, איך געדענק נישט, ווען איך האָב זיך אַזוי רוהיג געפיהלט, ווי איצט. רוהיג, ווי בורשטײַנס שמײַכעל, ווי דאָס שטעדטעלע, ווי די ווײַסע, פערשנײַטע פעלדער אַרום דעם שטעדטעלע. וואָס איז עס? נאָך אַזאַ אומרוהיגען לעבען הינטער זיך? צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד געלעבט געשווינד, מיט אימפעט. געלעבט און אָנגעוואָרען דאָס גלויבען אין לעבען. זיך געזוכט און נישט געפונען. פון אײן שטאָדט אין דער צווײַטער אומגעפאָהרען. פון אײן לאַנד אין דעם אַנדערען געוואַנדערט. אין יעדער שטאָדט, אין יעדען לאַנד זיך פרעמד געפיהלט. און געבענקט, געבענקט, געבענקט. ווי לאַנג איז מײַן צימער געווען אַ אוצר פון געוועהר. איך בין געלעגען אויף זײַ און זיך געקאָרטשעט פון וועהטאָגען אין מײַן נשמה, געוויינט און געפרעגט: ווער בין איך? און אַזאַ רוהיגקײַט נעמט מיך איצט אַרום. אַזוי איז רוהיג די ענדע פון דער נאַכט, פאַר׳ן אָנגעקומענעם טאָג. וואָס? איך וואַרט דען אויף וואָס? אויף גליק? נײן... שוין לאַנג אויסגעמעקט, פאַר זיך, דאָס וואָרט פון מײַן שפראַך. וואָס איז עס? נאָך אַזאַ אומרוהיגען לעבען הינטער זיך? אָבער ווײַזט אויס, אַלץ אײנס, איז דײַן קאָפּ געבויגען פון אַ שווערער לאַסט, איז דײַן האַרץ געדריקט פון אַ גרויסען שטײן, איז דײַן נשמה צעוועהטאָגט פון צווײַפעל אין לעבען, אין גאָט. דאָך אַ רוהיגקײַט פון דער שטומער, שטילער אײביגקײַט, אַ רוהיגקײַט פון יענער זײַט לעבען, בעוועגונגען דערצעהלט דיר ווען פון אַ שטילען, שטומען וועזען, וואָס מאָנט פון דיר גאָרנישט, וויל פון דיר גאָרנים. אָ, ליעבער מענש, ווי שעהן און ווי אײביג איז גאָטס שטומע, רוהיגע אײביגקײַט. און ווי גרינע גראָז, וואָס שפּראָצט אַרויס פון אונטער שטײנער, ווי פרישע, גרינע בלעטלעך, וועלכע ווערען געבוירען אויף אַלטע, אַלטע בײמער—שפּראָצט אין מײַן האַרצען אַ שטילע, אַ ווײַסע רוהיגקײַט. רוהיג, ווי דאָס גאַנצע שטעדטעלע, ווי די ווײַסע, פערשנײַטע פעלדער אַרום דעם שטעדטעלע.

אין דערפריה איז עס געווען. האט מיר ירחמיאל געבראכט ליי׳ענען א בריוו פון זיינע קינדער. ער איז אריין אין שטוב א שטילער, א שטו־מער. נאך איהם זיין ווייב. אויך א שטילע, ווי ער. איך האב געהערט, ווי הינטער דער טיר האט זי איהם געזאגט:

— ירחמיאל, וויש אב גוט די פיס פון שניי.

— מעהר קען מען נישט.

איך האב זיי געבעטען זיצען. זיי האבען ניט געוואלט. זיי זיינען געשטאנען און געהערט דעם בריוו. זיי זיינען געווען אזוי צופרידען פון בריוו. ביידע שטילע, ערנסטע, מיט ליכטיגע אויגען.

איך האב זיי געפרעגט:

— וואס הערט זיך עפיס ביי אייך?

זי האט געענטפערט:

— געלויבט איז גאט. גאנץ גוט.

ער האט געזאגט:

— מיר לעבען זיך ביידע, גאנץ גוט.

איך האב געקוקט דורכ׳ן פענסטער, ווי זיי זיינען געגאנגען איבער׳ן גאס אהיים. ביי ביידען רוהיגע, עטוואס איינגעבויגענע פלייצעס. ביי ביי־דען גלייכע טריט. ווייזט אויס, ביי ביידען איינע און די זעלבע מחשבות, דער זעלבער גאט, דער זעלבער מזל. און איך האב געקוקט אויף ביידענס רוהיגע, עטוואס איינגעבויגענע פלייצעס.

---

מיט חוה׳ן געהאט א שמועס. איך בין געקומען צו איהר, ווי אלע מאל, ביינאכט. האב איך, דאס מאל, געטראפען זי אליין. מיר זיי־נען געזעסען א ווײלע שטילערהייד. זי האט מיך געפרעגט:

— אויף א גאנץ ווינטער ביי אונז אין שטעדטעל?

— עס ווייזט אויס. און איהר?

— איך ווייס ניט.

מיר האבען ווידער געשוויגען א ווײלע. זי האט אויף מיר אזוי ערנסט געקוקט. זי האט מיך געפרעגט:

— איהר ווייסט, וואס דאס איז אזוינס, אז א מענש געהט פלוצים אראב פון זיין וועג?

איך האב געקוקט אויף איהר. איהרע גוטע אויגען האבען מיר אזוי געגלויבט.

— איהר פערשטעהט? מען געהט זיך זיכער דיין וועג, גלייך. און פלוצים, נישטא קיין ערד אונטער דיינע פיס...

איך האָב געשוויגען.

— איצט הויב איך אָן צו קלערען; דער וועג איז געווען ניט מיינער. ניט אַליין, פאַר זיך איהם אויסגעקליבען. מען האָט מיך געשיקט לערנען זיך, האָב איך זיך געלערנט. דערנאָך האָט מען מיך געשיקט קיין בערלין שטודירען, האָב איך שטודירט. אַ טאַטע און אַ מאַמע זיינען דאָ. געלד שיקט מען. בעקאַנטע אַרום זיך האָסטו, אַפילו גוטע פריינד אויך. פאַר זיך איז, דאַכט זיך, אַלץ קלאָר. אַ גרויסער, אַ ברייטער וועג. אַלע געהען אין איהם. איז דער טאַטע געשטאָרבען און מיט אַ שוואַרצען פאָרהאַנג איז דאָס לעבען פערצויגען געוואָרען. און וואָס ווייטער? — איך ווייס נישט. איך ווייס ניט.

זי איז אויפגעשטאַנען פון איהר אָרט. איז צו׳ם פענסטער צו. האָט זיך פערקוקט אין דער נאַכט אַריין.

עס איז אַריין מנשה. נאָך איהם באַלד ביילע. ביילע קוקט אָפט אויף מנשה׳ן. הויבט אָן צו ריידען וועגען איהר אַוועקפאָהרען:

— איך וויל לערנען זיך. לערנען זיך.

און אַ קראַנקער שמייכעל פערשפרייט זיך אויף איהרע ליפּען.

איך געה באַלד אַוועק פון חוה׳ן. ביז שפּעט ביינאַכט געה איך אַרום אַליין איבער דעם שטעדטעלע. איך זעה פון וויטען, ווי מנשה און ביילע געהען אַוועק פון חוה׳ן. עס איז שוין אַ צייט אַריבער, ווי זיי זיינען אַוועק, און ביי חוה׳ן אין צימער ברענט נאָך פייער. איך געה נאָך אַרום אַ צייט־לאַנג. עס איז שוין זעהר שפּעט. איך קוק אויף חוה׳ס צימער. אין צימער איז נאָך ליכטיג. איך קום אַהיים. רייד אַ ווילע מיט חנה׳ן. איך בעגלייט זי דאָס מאָל אַהיים. איך קום צוריק. און חוה שלאָפט נאָך אַלץ ניט. ביי איהר אין צימער ברענט נאָך אַלץ פייער.

## III

פאַרנאַכט. איך שטעה ביי זיך אויפ׳ן גאַניק. אָט ערשט פון אַרבייט־צימער אַרויס. בורשטיין געהט אין גאַס. ער פרעגט מיך:

— הער קראָן, פאַר וואָס זעהט מען אייך נישט?

איך געה ביינאַכט אַוועק צו בורשטיינ׳ען. איך טו אויס אין פאָדער־צימער די גאַלאָשען, מיין לייכטען פוטער און געה אין עס־צימער אַריין. אין עס־צימער געפין איך נאָר מירע׳ן אַליין.

— הער קראָן!

ווײַזט אויס, ניט געריכט זיך אויף מיר. מיר בעגריסען זיך. מיך וואונדערט: איך האָב זי דאָס ערשטע מאָל כמעט ווי ניט בעמערקט. איהר גלאַטע, גלײַכע, עטוואָס קורצליכע, קלײד, מיט איהר הײמליכער, אין טאַליע, קאָפּטקע, געהט אַזוי צו איהר הויכליכער, בויגעוודיגער און קינדערש־שעמעוודיגער פיגור. די רויטע זײַדענע לענטע, בײַ׳ם עק שוואַרצען צאָפּ, וואַרפט אַ רײצענד־לעבעדיגען פאַרב אויף איהר אינגאַנצען. זי האָט מיך געפרעגט:

— וואָס זענט איהר אַזאַ צײַט ניט געווען בײַ אונז?

מירע האָט וואַרים געקוקט אויף מיר. איך האָב געקוקט אויף איהר. אונזערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט. וואָס?... עפּיס וואָס אונבעוואוסטעס האָט אַ ריהר־געטון מײַן האַרץ. האָט עס געבוירען איהר וואַרימע, פרײַנדליכע שטימע? מיר געפעהלען איהרע שוואַרצע, פרישע, יוגענד־פרישע אויגען. די ברעמען איבער זײ זײַנען לײַכטע, לאַנגע.

בורשטײַן מיט זײַן ווײַב קומען אַרײַן אין עס־צימער. מען בעגעגענט מיך זעהר וואַרים. מיר זעצען זיך אַרום טיש. מען שמועסט. בורשטײַן איז ניט אײַנשטימיג מיט הײַנטיגען יונגען דור:

— גוטעס זוכען געהט מען צו פרעמדע. דאָס אײגענע גוטס געהט מען פערבײַ.

און צי דען האָבען מיר עס ניט? אָט, למשל, אונזער רב. אַ מענש דורך און דורך אמת און האַרץ. אײנער פון די אמת׳סטע און האַרציגסטע אויף דער וועלט. און אַזוי ליעב האָבען דעם צווײטען. איך ווײס ניט צי האָט ער ווען אַ האַלבע שעה כסדר, אין זײַן גאַנצען לעבען, געטראַכט וועגען זיך. שטענדיג דאגה׳ט ער וועגען דעם צווײטען. און ווער האָט איהם געלערנט אַזוי לעבען? —אידישקײַט; די תורה, נביאים, דער מדרש, עין יעקב, דער רמב״ם, די מוסר ספרים, דער בעל שם טוב. הײסט עס, עס איז יאָ פאַראַן.

מען דערלאַנגט צו׳ם טיש טעה. מיר טרינקען טעה. אין אַ ווײַלע אַרום נעמט זיך בורשטײַן פאַר׳ן שאָך. בײַ׳ם טיש בלײַבט נאָר שרה. מירע איז אַוועק. יאָ. די פאַרטײַ, ווי עס שײַנט, וועט ווידער זײַן מײַנע. אָבער בורשטײַן וויל נעמען צוריק אַ גאַנג. איך וויל עס נישט. דער צוג איז אַ וויכטיגער. ער גאַראַנטירט פאַר מיר די פאַרטײַ. אויף שרה׳ס פנים בעווײַזט זיך אַ רויטע פאַרב. זי בעט:

— נו, טרעפט אַ טעות. איז וואָס... אַ טעות...

מירע געהט צו צו׳ם טיש. איך ווער ווײכער. איך גיב נאָך. שפּעט אַוועקגעגאַנגען פון בורשטײַנ׳ען. בײַ׳ם געזעגענען זיך איז

מירע׳ס פנים דורכגעלאָפען אַ רויטליכער, שעמעוודיגער וואָלקען. איהרע אויגען זיינען אַזוינע יונגע, קלאָרע. און איהרע ליפען זיינען קינדערש ריינע.

אויף מאָרגען ביינאַכט ווידער אַוועק צו בורשטיין׳ען. מען נעמט מיך ווידער זעהר וואַרים צו. מען טרינקט טעה. איך שפיל מיט בורשטיין׳ען אין שאָך. מירע׳ן זעהט מען נישט. נאָר איין מאָל דורכגעגאַנגען דורכ׳ן צימער. זי האָט מיך בעגריסט. יאָ. איהרע אויגען זיינען וואונדערליך פרישע. און טיעפע זיינען זיי. איהרע שוואַרצע, פולע האָר זיינען ווידער געווען פערקעמט מיט אַ שרינט אין מיטען קאָפּ. און ביי׳ם עק לאַנגען, דיקען צאָפּ אַ רויטע, זיידענע לענטע. פאַר וואָס האָט זי זיך אַ גאַנצען אָוענד ניט בעוויזען? נאָר איין מאָל דורכגעגאַנגען דעם צימער. דאַכט זיך זי האָט מיך פריינדליך בעגריסט.

ווידער שפּעט אַוועקגעגאַנגען פון בורשטיין׳ען. פאַר׳ן רעכטען אַוועקגאַנג האָט זיך מירע בעוויזען. איך בעמערק איהרע הענד. דעם ערשטען מאָל. אָבער מיר דוכט, אַז איך האָב עס שוין פריהער געוואוסט. יאָ. איך האָב עס געוואוסט: זי האָט שעהנע פרויען-הענד. ביי׳ם זעגענען זיך איז, ווי נעכטען, אַ רויטליכער, שעמעוודיגער וואָלקען דורכגעלאָפען מירע׳ס פנים. זי האָט מיר די האַנד געגעבען און האָט זיך ווי אָנגעוואָרען. אָבער ווי ענערגיש, פריינדליך זי דריקט מיין האַנד. איך האָב זיך אויף אַביסעל פערלאָרען:

— אַ גוטע נאַכט, מירע.

נאַריש געווען. צוליעב וואָס געזאָגט: „מירע״?

זי האָט אָבער געענטפערט:

— אַ גוטע נאַכט, קראָן.

איך בין אַהיים געקומען. חנה׳ן האָב איך דאָס מאָל געפונען אַ מונטערע, אַ פרעהליכע. איך האָב זיך געזעצט נעבען איהר. זי איז דאָס מאָל זעהר בערעדליך געווען. זי האָט מיך אַפילו געפרעגט:

— איהר זיינט נאָך טאַקי אַלץ אַ בחור?

— יאָ.

— אַזאַ שעהנער און נאָך אַ בחור.

— וואָס, איך געפעהל אייך?

זי האָט זיך צעלאַכט:

— מיר, אַנ׳אַלטער אידענע, צי געפעלט איהר?

חנה האָט אַזוי ערנסט געלאַכט. שטענדיג איז זי ערנסט. ווען זי לאַכט, ווען זי זיפצט.

אָבער באַלד איז זי שטיל געוואָרען. זי האָט זיך פערטראַכט. וואָס בייזעס דערמאָנט זיך?

מיר האָבען געשוויגען אַ ווײַלע. איך האָב זי געפרעגט:

— חנה.

— וואָס?

איהר האָט עפּיס ליעב רענאַ?

זי האָט אויף מיר געקוקט אַ ווײַלע מיט איהר ביטער צעקנײַטשטען פּנים, און האָט געזאָגט:

— וואָס ס׳שייך... וואָס פרעגט איהר? —דאָ געבוירען געוואָרען, דאָ ערצויגען, דאָ אַ טאַטען און אַ מאַמען בעגראָבען, אַ שוועסטער און אַ ברודער און אַנ׳אײַגען קינד. ליעבער פריינד, וואָס פרעגט איהר?...

חנה איז אַוועק. איך בין אַלײן געבליבען. איך געה אַרום איבער׳ן צימער הין און צוריק. מיר דוכט, אַז די שטומע, גרויסע, ווײַסע רוהיג־קײט, וואָס האָט מיך אַרומגענומען דאָ אין שטעדטעל ביז איצט, האָט זיך אַ וויעג געטון. איך הער איהרע בעוועגונגען... וואָס?...

איך געה אין מײַן שלאָף־צימער אַרײַן. דאָס ערשטע מאָל בעמערקט, אַז נעבען פענסטער פון מײַן שלאָף־צימער, אַנטקעגען, שטעהט אַ בוים. זײַנע צווײַגען זײַנען לײַדענשאַפטליך אויסגעבויגען און אויסגעצויגען אין דער הויך צו. דער שנײַ האָט איהם אינגאַנצען בעדעקט אין ווײַסען, ווי אין ווײַסען זײַדענס. אַ קלאָרער, אַ ווײַסער בוים. מיט לײַדענשאַפטליך אויסגע־צויגענע אין דער הויך צו ווײַסע צווײַגען. ווען איך וואָלט אַ מאַלער געווען וואָלט איך אַזוי געמאָלט די יוגענד.

---

שוין אײניגע טעג, אַז איך פיהר זיך אַזוי: אַ גאַנצען טאָג אַרבײַט איך, פאַרנאַכט פערגעה איך אַ ווײַלע צו חוה׳ן און געה באַלד אַוועק צו בורשטײַנ׳ען.

מיט מירע׳ן כמעט אַז איך רײד נישט. נאָר אונזערע בליקען בעגעגענען זיך אָפט. פאַרוואָס בעקענען מיר זיך ניט נאָהענט? יאָ. מיר דוכט, אַז שרה היט אונז. ווען מײַנע מיט מירע׳ס אויגען טרעפען זיך פיהלט זיך מיר, אַז דער בליק איז איבער שרה׳ס פלײיצעס. צו׳ם ערשטן האָב איך עס דערזעהן אין מירע׳ס אויגען. נאָכדעם האָב איך עס דערפיהלט בײַ זיך. איך היט זיך וואָס פאַר שרה׳ן. עס דוכט מיר, אַז שרה שטעהט צווישען אונז, פערשטעלט פון מיר איהר מירע׳ן. זאָגט צו מיר: הער קראָן, אמת, מירע איז יונג, מירע איז שעהן. איהר ווײַסט נאָך אַלײן נישט, ווי שעהן זי איז. ביז ניט לאַנג מיט מיר אין אײן בעט געשלאָפען. אָבער, עס איז ניט פאַר אײַך. איך בעט אײַך, מיט גוטען. איך היט.

און אַזוי קומט־פֿאָר דער פֿײַנאַכט בײַ בורשטיינ׳ען: אַז איך קום געפֿינ איך אין עס־צימער בורשטיינ׳ען, שרה׳ן און מירע׳ן. איך טרינק טעה און הויב אָן שפּילען מיט בורשטיינ׳ען אַ שאָך. מירע הויבט זיך באַלד אויף פֿון טיש און געהט אַוועק אין אַ צווייטען צימער. שרה קוקט איהר נאָך מיט אַ מוטערליך־ליעבען, צופֿרידענעם פּנים. איך שפּיל מיט בורשטיינ׳ען אַ שאָך נאָך אַ שאָך. און דערינען געהט דורך מירע, הינטער מיר, אין צימער. איך פֿיהל אויף מײַנע פּלייצעס איהרע אויגען. איך קער זיך ניט אום. געהט זי אַ צווייטען מאָל דורך. אונזערע אויגען בעגעגענען זיך. בײַ׳ם אַוועקגאַנג בעווײַזט זיך מירע ווידער. מיר דריקען פֿעסט איינס דעם צווייטען די הענד.

אין שאָך די לעצטע נעכט געהט מיר נישט. איך ווער אָן. בורשטיין איז זעהר צופֿרידען. שרה אויך.

איינמאָל איז מירע אַרײַן אין עס־צימער גראַדע ווען מיר האָבען אַ פּאַרטיי געענדיגט. איך האָב פֿערשפּילט. בורשטיין האָט זיך געפֿרעהט:

— מירע, מירע, דער הער קראָן האָט פֿערשפּילט.

מירע האָט אַ קוק געטון אויף מיר און האָט זיך אַזוי פֿרײַ צעלאַכט. אַ ריינער, פֿרײַער געלעכטער פֿון טיפֿען האַרצען. עס האָט זיך געהערט אין איהם נישט קיין געוועהנליכער פֿריידען פֿון וואָס, אַ געפֿיהל פֿון נצחון איבער וואָס. איך האָב זיך פֿערלאָרען אַביסעל. איך האָב געקוקט אויף איהר. מיר האָט געדוכט, אַז דער געלעכטער געהט נישט צו איהר פּנים. בײַ׳ם זעגענען זיך האָט זי אַזוי פֿעסט מײַן האַנד געדריקט. גלײַך, זי האָט מיר געדאַנקט פֿאַר וואָס.

אויף מאָרגען בײַ׳ם זעגענען זיך האָט זי מיך געפֿרעגט:

— נו, ווי געהט אײַך אין שאָך?

איך האָב געזאָגט:

— ווידער אָנגעוואָרען. אָבער, גאָט מײַנער, איהר זענט אַזוי צופֿרידען פֿון מײַן אָנווערען. איהר האָט זיך נעכטען אַזוי געפֿרעהט.

מירע׳ס ליפּען האָבען נערוועז אַ ציטער געטון. נאָר פּלוצים האָבען מיר בײדע דערפֿיהלט שרה׳ס אומרוהיגען בליק אויף אונז. מירע האָט זיך געווענדעט צו שרה׳ן:

— דו הערסט, מאַמע, מיר וועלען שוין ווײַטער ניט פֿרעהען זיך, ווען דער הער קראָן וועט אָנווערען.

שרה׳ס אויגען זײַנען רוהיג געוואָרען. זי האָט ליעב אַ שמייכעל געטון. איך האָב געטראַכט:

— מירע, מירע, ווער זײַנט איהר אַזוינס?

דאָס מאָל האָב איך זיך מיט איהר קאַלט געזעגענט.

פון בורשטיינ׳ען געה איך גלייך אהיים. איך טרעף אלע מאל חנה׳ן ווארטענדיג אויף מיר. חנה איז שוין מיט מיר געווארען זעהר היימיש. זי בעהאנדעלט מיך ווי א קליין קינד. בעזארגט מיך מיט אלעם גוטס. בעט=אוים מיין בעט. איך פרעג זי:

— חנה, אויף וועמען לאזט איהר אייער שטוב, אייער מאן?

זי לאכט:

— נו, ער איז שוין א גרויסער, אנ׳אלטער. ער קען זיך אליין פערזארגען.

איך קוק אויף איהר ביטער=צעקנייטשטען פנים. אזוי פיעל לעבען איז אין איהם פער׳חתמה׳ט. א שטיל שטעדטעלע, שטילע פעלדער ארום שטעדטעלע. דער וואלד דערביי א שטילער, ווי דאס שטעדטעלע מיט די פעלדער ארום איהם. און צווישען אט דער שטילקייט א פנים מיט אזוי פיעל איבערלעבונגען. איך האב ליעב די אידענע.

אז חנה געהט אוועק, געה איך שלאפען. אבער איך שלאף שלעכט. איך ליג אין בעט און קוק אין פענסטער. א גאנצע נאכט שלעפט דער ווייסער בוים, נעבען פענסטער, מיין בליק צו זיך. איך שלאף האלב, און האלב בין איך וואכעדיג. און מיר חלומ׳ט, אז ביי מיין פענסטער שטעהט א ווייסע פרינצעסען. א ווייסע פון יוגענד. און אין ווייסען זיידענס איז זי אנגעטון. זי רופט מיך: קראן, קראן, ווייס בין איך פון יוגענד, מיין לייב איז ווייס, מיין נשמה איז ווייס. און אין ווייסען זיידענס האב איך מיך צוליעב דיר אנגעקליידט. קום צו מיר. איך בענק נאר דיר. קראן, קראן, קראן!

IV

איינציגע טעג כמעט פון שטוב ניט ארוים. ניט געווען נישט ביי חוה׳ן, ניט ביי בורשטיינ׳ען. מיין ארבייט געהט שוין שוואכער. עס ארבייט זיך ניט. ווען איך ווען ענדיגען מיין ארבייט? ציפער און ציפער און אזוינע ניט קיין פעסטע. ווי לעבט אזוי א פאלק? קיין איין גלייכע ליניע אין דעם עקאנאמישען לעבען. קיינע סאציאלע געזעצען. קיין איין געזונטער שטאם. — שרעקליך!

ביינאכט, אז אין שטעדטעל שלאפט מען שוין, געה איך ערשט דאן פון שטוב ארוים. איך געה ארום איבער׳ן שטעדטעל. געה ארוים חוצ׳ן שטעדטעל. בעגעגענט א פאר מאל ירחמיאל׳ן פאהרען פון דארף. מיר האבען זיך בעגריסט. ער איז אראב פון שליטען און מיר געהען=נאך,

שטילערהייד, זיין שליטען ביז זיין שטוב. אין זיין שטוב ברענט נאך פייער. ער זאגט מיר „א גוטע נאכט". ער פערגעהט אין שטוב. איך געה נאך א צייט ארום איבער'ן גאס. עס איז קאלט.

יא. מיין רוהיגקייט וויעגט זיך. איהרע בעוועגונגען זיינען שוין גרוי-סע. איך פיהל עס.

פארנאכט איז עס געווען. ביי מיר איז נאך פינסטער. חנה איז נאך ניט געקומען. איך זיץ אין דעם גרויסען צימער פון מיין דירה. מען האט אנגעקלאפט אין טיר. איך בעט אריינגעהן. מירע איז אריין.

— מירע!

איך האב זיך ניט געריכט אויף איהר. איך בין-צו צו איהר. זי האט זיך פערלארען:

— איך בין אריין אויף א קליינער ווייל. איהר זענט שוין לאנג ניט געווען ביי אונז. איך געה פערביי.

אין צימער איז געווען אזוי פינסטער, אז איך האב קוים בעמערקט איהר פנים. איך האב געוואלט אנצינדען פייער. זי האט ניט געוואלט:

— איך בין אריין אויף א קליינער ווייל. איך געה באלד אוועק.

איך האב זי געבעטען זיצען. זי האט זיך געזעצט. זי האט געפרעגט:

— די גאנצע דירה פערנעמט איהר?

— יא.

איך האב איהר געוואלט ווייזען מיינע צימערען. זי האט ניט געוואלט:

— מען דארף נישט. איך געה שוין אוועק.

מיר האבען געשוויגען א ווייל. פארוואס האט מיך אט די קליינע ווייל שווייגען אזוי געדריקט? איך האב זי געפרעגט:

— איהר זענט לאנג פון אויסלאנד?

— דעם זומער.

— איהר זענט, דאכט זיך, אין בערלין געווען. אויף מעדיצין?

— יא.

— איהר פאהרט באלד ווידער קיין בערלין?

— ניין. גיכער ניין. איך ליעב עס ניט.

זי איז מיט אמאל, ווי אונצופרידען, אויפגעשטאנען. האט מיר אויס-געצויגען איהר האנד.

— איך געה.

איך האב איהר פעסט די האנד געדריקט.

ביי דער טיר האט זי זיך אבגעשטעלט. און האט זיך געווענדעט צו מיר:

אייגענטליך. יאָ. היינט ביינאַכט וועט מען ביי אונז פערבריינגען. חנוכּה, דאָס ערשטע ליכטעל, פערברייינגט מען ביי אונז. איהר וועט קומען?

— גיכער יאָ, — האָב איך צוגעזאָגט.

איך בין אַליין געבליבען. מיך האָט פערדראָסען; פאַרוואָס האָב איך דאָך ניט אָנגעצונדען קיין פייער? מירע איז געווען דאָ און איך האָב זי ניט געזעהן.

איך בין שפּעט אַוועק צו בורשטיין'ען. איך האָב זיך עפּיס דאָס מאָל קיין קאָסטיום ניט געקענט צוקלייבען. אַם ענדע האָב איך זיך אָנגעטון אין סורטוק. נאָך דעם האָב איך קיין שלויפעל ניט געקענט זיך צופּאַסען. איך האָב געביטען איין שלויפעל נאָכ'ן צווייטען. איך בין אַלץ ניט צופרידען געווען דאָס מאָל מיט מיינע שלייפלעך. שפּעט אַוועק צו בורשטיין'ען.

בורשטיין'ס גרויסע שטוב איז דאָס מאָל געווען בעלויכטען אין אַלע פענסטער. אויפ'ן הויף, ביי דער אַריינגאַנג־טיר, האָט אַ לאַמטערן געברענט. די שטוב האָט דערצעהלט, אַז היינט איז אין איהר אַ יום טוב. אַ סך מענשען זיינען דאָ און מען פערברייינגט.

איך בין אין שטוב אַריין. אין פאָדער־צימער האָב איך נאָר מירע'ן בעגעגענט. זי איז געשטאַנען אַנטקעגען דער טיר און האָט געקוקט מיט איהרע פרישע אויגען צו דער טיר צו. אָנגעטון איז זי געווען אין אַ שוואַרצער קלייד מיט אַ ווייסער זיידענער קאָפּטקע. אונזערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט. מיר האָט געדוכט, אַז אַ צייט שטעהט זי אַזוי און קוקט צו דער טיר צו און וואַרט. אויף מיר? מעגליך?... אַ פרעהליכע ליכטיגקייט האָט מיך אַרומגענומען. אַ גלאַטע, אַ וואַרעמע, ווי ווייסער סאַמעט. האָבען עס מיך אַזוי געגלעט איהרע פרישע אויגען מיט די לייכטע, לאַנגע ברעמען איבער זיי? איך בין אייַלענדיג־צו צו איהר. אָבער צווישען אונז איז שוין איהר מוטער, שרה, געשטאַנען. מיר האָט געדוכט, שרה זאָגט מיר: „העך קראָן, זייט רוהיג. איך בין דאָ". צוויי הענד האָבען זיך צו מיר אויסגעשטרעקט. איך האָב זיך נאַריש בעגאַנגען. איך האָב פריהער מירע'ן די האַנד געדריקט. שרה האָט אַ שאַרפען בליק געוואָרפען אויף מיר, אויף מירע'ן. מירע'ס פּנים איז אַ קלייַנער, שוואַרצער וואָלקען דורכגעלאָפען. זי האָט זיך, אָנווערענדיג, אָבגערוקט אַביסעל אָן אַ זייט. מיך האָט פערדראָסען; נאַריש זיך בעגאַנגען. שרה האָט מיך דורכגעפיהרט דורכ'ן, פולען מיט מענשען, עס־צימער אין זאַל אַריין. דער זאַל איז אַ גרויסער. איז ליכטיג בעלויכטען. די פענסטער זיינען בעהאַנגען מיט לאַנגע, ביז דער פאָדלאָגע, ווייסע גאַרדינען. די שטולען זיינען ווייכע, מיט גרינעם סאַמעט בעדעקט. די טירען פון זאַל צו'ם עס־צימער זיינען געווען אָפען. אין זאַל האָב איך געטראָפען

מנשה׳ן און בײלע׳ן. זײ זײַנען געזעסען בײַ׳ם טיש, קעגען די אָפענע טירען פון זאַל, האָבען טעה געטרינקען און האָבען געקוקט אין דעם, פולען מיט מענשען, עס־צימער. איך האָב זיך מיט זײ בײַ׳ם טיש אַוועקגעזעצט. שרה דערלאַנגט מיר טעה און זעצט זיך אויך בײַ׳ם טיש אַוועק. איך קוק אין עס־צימער אַרײַן. אויבען־אָן, דאָרט, בײַ׳ם טיש זיצט בורשטײַן. אַ פרעהליכער, אָבער זיכער און רוהיג ווי אַלע מאָל. נעבען איהם זיצט דער רב מיט זײַנע גוטע, ערנסטע, קלוגע אויגען און מיט זײַן לאַנגער, שיווער באָרד. אַ יום טוב האָט אויף זײַן פנים גערוהט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז מירע אַרײַן אין זאַל. איהרע פלײצעס זײַנען געווען אַזוין שעמעוודיג. זי איז־צו צו מנשה׳ן. האָט מיט איהם עפּיס גערעדט. בײלע האָט אויף זײ פערדראָסיג געקוקט. דערנאָך האָט זיך מירע געזעצט נעבען שרה׳ן. האָט אַזוי אָפּט זיך געווענדעט צו איהר. געפרעגט בײַ איהר. גערעדט מיט איהר און אַזוי אָפּט גערופען זי: מאַמע, מאַמע. מיך האָט עפּיס דאָס וואָרט געערגערט. איך האָב זיך צו בײלע׳ן געווענדעט. גערעדט מיט איהר. מירע האָט אַ בליק געטון אין אונזער זײַט.

— מאַמע, דו זעהסט, דאָרט, אין עס־צימער — האָט מירע זיך געווענדעט צו שרה׳ן.

דאָרטען, אין עס־צימער, איז ווער אויף אַ שטול געשטאַנען. האָט זיך געווענדעט צו בורשטײַנ׳ען:

— ר׳ לײב בורשטײַן, אמת, איהר זײַנט רײַכער פון מיר. אָבער איך בין פון אײַך שכור׳ער.

בורשטײַן האָט רוהיג געשמײכעלט:

— אַז איהר וועט אַזוי שטעהן נאָך אַ ווײַלע, וועט איהר דעם שטול צעברעכען. בעסער געהט אַראָב און נעמט נאָך אַביסעל.

דער רב האָט אויפגעהויבען זײַן שיווע באָרד און האָט געזאָגט:

— איך מאַך אַ פשרה. איך בין דאָך עפּיס בײַ אײַך אַ מרא דאתרא; אי אויפ׳ן שטול, אי נעמען אַביסעל.

בורשטײַן האָט געשמײכעלט:

— רבי, און אַז ער איז שכור איז ער מעהר תקיף פון מיר?

דער רב האָט געלאַכט:

— נו, ר׳ לײב, און אַז דער שטול איז אײַערער זײַנט איהר מעהר תקיף פון איהם?

אַ ברײטער געלעכטער האָט זיך אין עס־צימער צעהילכט.

מירע האָט זיך געווענדעט צו שרה׳ן:

— מאַמע, דער רב איז אַ וואוילער, אַ גוטער, אמת, מאַמע?

איך האָב געקוקט אויף מירע׳ס אויפגערעגטען פנים. מיך האָט אַזוי געערגערט איהר ווענדען זיך דעם אָוענד אַלע ווײַלע צו דער מאַמע׳ן. האָט זי זיך דען אַזוי אָנגעוואָרען? — מאַמע, מאַמע!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אין עס-צימער צעגאָסען אַ שטי-לער ניגון. אַ פערבײַנקטער, אין מחשבות פערוועבט. בורשטײַן האָט רוהיג נאָכגעזונגען אַלעמען. דער רב האָט זײַנע אויגען אין דער הויך וואו בעהאַלטען. האָט מיטגעהאָלפען.

מנשה האָט זיך אויפגעהויבען פון זײַן אָרט און איז אַוועק אין עס-צימער. בײַלע איז אַוועק נאָך איהם. שרה און מירע האָבען זיך אַוועק-געשטעלט אין די אָפענע טירען פון זאַל.

מען האָט געענדיגט זינגען. בורשטײַן האָט בעמערקט מנשה׳ן.

— קום נעהענטער. נעם אויך אַביסעל. שעם זיך ניט.

דער רב האָט זיך אויך צו איהם געווענדעט:

— קום, זאָג „לחיים״.

מען האָט געמאַכט אַנ׳אָרט פאַר מנשה׳ן בײַ׳ם טיש. מנשה האָט זיך בײַ׳ם טיש געזעצט. האָט גענומען טרינקען געשווינד איין מאָל נאָכ׳ן צווייטען.

— יאָ — האָט מען בײַ׳ם טיש געשמועסט — ער קאָן, ער קאָן.

מנשה האָט נאָך געשווינדער גענומען טרינקען. זײַנע אויסגע-שטעלטע אויגען זײַנען נאָך מעהר אויסגעשטעלט געוואָרען. פּלוצים האָט ער זיך צעוויינט. עמיץ האָט זיך פון טיש צו איהם געווענדעט:

— וואָס וויינט איהר? מיאוס, איהר קאָנט ניט טרינקען.

מנשה האָט געוויינט:

— איך בין אײַך מקנא. די אמת׳ע אידען זענט איהר.

דער רב האָט ברייט זײַנע אויגען געעפענט:

— אדרבה, אדרבה — האָט ער זיך געווענדעט צו מנשה׳ן — קערט זיך אום צוריק צו גאָט, צו אונזער תורה... עס איז קיינמאָל ניט שפּעט.

מנשה האָט געוויינט:

— איך בין אײַך מקנא. די אמת׳ע אידען זענט איהר. וואָס וועט עס מיט אידען זײַן?...

בורשטײַן האָט זיך רוהיג געשמייכעלט:

— דו ביזט אַ נאַר. צי דו ביזט אונז יאָ מקנא, צי ניט מקנא,— אידען וועלען בלײַבען אידען. זײַ זיכער.

בײַלע איז-צו צו מירע׳ן. אַ קראַנקער שמייכעל האָט זיך אויף איהרע ליפּען בעוויזען. זי האָט געזאָגט:

— מנשה, אַז ער ווערט שכּור, איז ער זעהר אינטערעסאַנט. איהר זעהט איהם?

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך ווידער פערגאָסען אין עס-צימער אַ שטילער געזאַנג אָהן ווערטער. אַ פערבײַנקטער, אין חלומות און מחשבות פערוועבט.

מירע האָט זיך געווענדעט צו שרה'ן:

— שעהן. אמת, מאַמע?

איך בין באַלד פון בורשטײַנ'ען אַוועק. בײַ'ם זעגענען מיט מירע'ן האָב איך זיך ווידער נאַריש בענאָמען. איך בין טאַקי דערפאַר בעצאָלט געוואָרען. געווען איז עס אַזוי: אין פאָדער-צימער האָט מיך נאָר מירע אַליין בעגלייט. זי האָט מיך געוואָרענט, אַז איך זאָל זיך גוט פערשפּילען, ווײַל אויפ'ן גאַס איז זעהר קאַלט. איך האָב זיך מיט איהר געזעגענט. זי האָט מיך געפרעגט:

— אײַך געפעהלט ווי זײַ זינגען?

איך האָב געזאָגט:

— ווי מיר שײַנט, איז עס בײַ אײַך הײַנטיגען אָווענד די ערשטע פראַגע, ניט בײַ דער מאַמע'ן...

וואָס איז דאַן אין איהרע אויגען פאָרגעקומען? נאָר אין פרויען-אויגען קאָן אין אײַן אויגענבליק אַזוי פיעל געבוירען ווערען און שטאַרבען, געבוירען ווערען און שטאַרבען. און איהרע אויגען האָבען ווידער בעקומען דעם זעלבען אויסדריק ווי שטענדיג. נאָר אַ רוהיגע קעלט איז אין זײַ געבוירען. זי האָט מיר אײַנפאַך געזאָגט:

— הער קראָן, איהר רעדט נאַרישקײַטען...

און דאָס ליעבע, בויגעוודיגע און שעמעוודיגע קינד איז פּלוצים אויסגעוואַקסען פאַר מײַנע אויגען אין אַ שטאָלצער, רוהיגער, קלוגער, ענערגישער פרוי. איהרע האָר, וואָס ליגען שטענדיג אַזוי גלאַט אויף איהר קאָפּ, האָבען זײַער שטענדיגע פאָרם אָנגעוואָרען. זײַ זײַנען זיך צעפאַלען ברײַטער און ענערגישער אויף איהר קאָפּ, אויף איהר האַלז.

איך האָב זיך פערלאָרען. איך האָב נאָך אַ מאָל מײַן האַנד אויסגעשטרעקט צו איהר. זעגענען זיך נאָך אַ מאָל, אָדער שלום מאַכען?

זי האָט אָבער רוהיג געזאָגט:

— מיר האָבען זיך שוין געזעגענט.

און רוהיג, שטאָלץ איז זי געשטאַנען ביז איך בין פון טיר אַרויס.

איך בין אין גאַס אַוועק. איך בין עטליכע מאָל פערבײַ געגאַנגען בורשטײַנ'ס שטוב. פון שטוב האָט זיך געטראָגען איבער דער שטילער,

ווײַסער ווינטער־נאַכט אַ שטילער געזאַנג אין בײַנקשאַפט, חלומות און מחשבות פערוועבט.

---

איך אַרבײַט שוין גאָר ווינציג. צו בורשטײַן׳ען געה איך. אָבער ניט אַלע נאַכט. מיר דוכט, אַז בורשטײַן בעגעגענט מיך וואַרימער, ווי שרה. מירע האַלט זיך מיט מיר אַט אַזוי, ווי צווישען אונז איז גאָרנישט פאָרגעקומען. זי איז ווידער אַזוי אײַנפאַך, פּראָסט, קינדעריש־יונג אָנגעטון. בײַ׳ם עק צאָפּ די רויטע זײַדענע לענטע. איז בויגעוודיג, שעמעוודיג. נאָר צײַטענווײַז איז זי אויפגערעגט, צעהיצט. דאָס פּנים בעגײַסטערט, ליכטיג. בײַ׳ם זעגענען זיך דריקט זי מיר שטאַרק די האַנד. אײַנמאָל בײַ׳ם זעגענען זיך האָט זי מיר געזאָגט:

— איך האָב זיך הײַנט געקליבען צו אײַך.

איך האָב איהר געדאַנקט. געבעטען קומען. האָב איהר פעסט די האַנד געדריקט. אונזערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט. איך האָב, דאַכט זיך, אין זײַ אַ נײַעם דערזעהן: אַ בײַנקשאַפט. נאָך וועמען?...

בײַ חוה׳ן בין איך אָפט. בײַ חוה׳ן טרעף איך אַלע מאָל מנשה׳ן און בײַלע׳ן. מנשה געוויינטליך זיצט און האַלט אַ בוך פאַר זיך. בײַלע רעדט אָפט וועגען איהר אַוועקפאָהרען לערנען זיך און קוקט זעהר אָפט אויף מנשה׳ן. חוה שווײַגט. איז עטוואָס אויפגערעגט און קוקט אויף מיר. איהרע אויגען זײַנען אַזוינע גוטע. איך קוק דאַן אויף איהר און מיר דוכט, אַז עס פעהלט נעבען איהר אַ קלײַן קינד, וואָס זאָל זיך שפּילען נעבען איהר, עטוואָס פּולען, שוים. איך פערטראַכט זיך וועגן זיצענדיג דאָרט: קײַנער ניטאָ אין צימער. מעהר נישט חוה מיט איהר קינד. אַ קלײַנעס, אַ פּולינקעס, אַ שעהנעס קינד. דאָס קינד שפּילט זיך און לויפט אַרום פרעהליך איבער דעם צימער. חוה איז אין אַ לײַכטען, פרײַען שטוביגען קלײַדעל אָנגעטון. איהרע בלאָנדע האָר זײַנען צעוואָרפען אויף איהרע פולע פּלײַצעס. איהרע ווײַסע, קלײַנע, פולע הענד זײַנען פערשפּרײַט פאָראויס זיך. זי לויפט נאָכ׳ן קינד, שפּילט מיט איהם און לאַכט, און לאַכט. — ס׳אַ גוטע, ליעבע מוטער!

— קראָן, וואָס זענט איהר אַזוי פערטראַכט — פרעגט חוה.

— גאָרנישט. אַזוי זיך.

חוה גלויבט מיר. חוה גלויבט אַלץ און אַלעמען, וואָס מען זאָל איהר ניט זאָגען. אײַנמאָל האָב איך, אַרײַנגעהענדיג צו זײַ אין שטוב, די

פוס אַ קלאַפּ געגעבען. אַרייַנגעהענדיג האָב איך אַביסעל געהינקען. חוה האָט מיך געפרעגט אומרוהיג:

— וואָס איז מיט אייַך, וואָס הינקט איהר?

מנשה האָט אַ שפּאַס געמאַכט:

— איהר ווייסט דען ניט, חוה? קראָן הינקט דאָך אַלע מאָל. איהר האָט עס ניט בעמערקט?

איך האָב געשוויגען.

אַ רחמנות האָט זיך אויף איהר פּנים בעוויזען. זי האָט ערנסט געזאָגט:

— ווען ניט איצט, וואָלט איך ניט געוואוסט. איך האָב עס ערשט איצט בעמערקט.

מנשה און בּיילע האָבען זיך צעלאַכט. חוה איז אָבער ערנסט געבליבען. זי האָט געגלויבט.

בּײַ׳ם אַוועקגאַנג האָט זי מיך געפרעגט אַזוי ערנסט:

— קראָן, איהר האָט עס געלאַכט פון מיר?

— ניין. איך האָב דאָ בּײַ׳ם טיר די פוס אַ קלאַפּ געגעבען.

אַהיים קום איך בּייַנאַכט, גאַנץ פריה. איך זיץ מיט חנה׳ן און רייד. חנה איז אָפּט גאַנץ בערעדליך. מיר שמועסען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

בּייַנאַכט שלאָף איך ניט. דער ווייַסער בּוים בּײַ׳ם פענסטער לאָזט מיך ניט אייַנשלאָפען. איך שלאָף ניט אַ גאַנצע נאַכט. בּײַ מייַן פענסטער שטעהט אַ ווייַסע פּרינצעסין. אין ווייַסען זיידענס איז זי אָנגעטון. און זי רופט מיך: קראָן, קראָן, מייַן קערפּער איז ווייַס, מייַן נשמה איז ווייַס, ווייַס בּין איך פון יוגענד. און אין ווייַסען זיידענס האָב איך מיך צוליעב דיר אָנגעטון. קום צו מיר. איך בּיינק נאָך דיר. איך בּיינק נאָך דיר. קראָן, קראָן, קראָן!

---

בּייַטאָג. איך בּין פון שטוב אַרויס. די זון בּעגילט יום־טוב׳דיג די פּעסטע, קלאָרע, ווייַסע וועלט. איך בּין אין גאַס אַוועק. פון דער ווייַטען האָב איך אין גאַס מירע׳ן דערזעהן. מיך האָט פערדראָסען: וואָס בּין איך איצט פון שטוב אַוועק? זי געהט געווים צו מיר. מירע׳ס שוואַרצע, קלייַנע קאָפּ איז אָנגעטון אין אַ ווייַסען, קיילעכדיגען, קלייַן ווינטערדיגען היטעלע. אַ ווייַסער פּליושענער, לייַכטער מאַנטעל האָט אַרומגענומען איהר בּויגעוודיגען יונגען קערפּער ביז דער טאַליע צו. דער שוואַרצער

צאָפּ שנײַדט דורך איהר ווײַסען מאַנטעל. איהרע אויגען זײַנען ברײט אָפּען. זײ בײנקען. זײ ברענען. מיר זײַנען צוגעגאַנגען אײנס צו׳ם צווײטען. מיר בעגריסען זיך און מיר געהען איבער׳ן גאַס אַוועק. מיר פערלאָזען דאָס שטעדטעל. מיר זײַנען אין פעלד אַרויס.

גאַנץ וועלט איז אין ווײַסען אָנגעטון. ווי אַ כלה צו דער חופּה פיהרען. עס איז קעגען דיר, הינטער דיר, אַרום דיר — ווײַס, ווײַס, ווײַס. און די זון, אַ יום־טוב׳דיגע, פערזײַט מיט אַ גילדענעם שמײכעל איבער דער ווײַסער וועלט גאָלדענע שטערען. אין מיטען דעם ווײַסען פעלד, מיט די בלישטשעדיג־גאָלדענע שטערען פערזײַט, דאָרט, אַנטקעגען, שטעהט אַ בוים. זײַנע לאַנגע, דאַרע און קרומע צווײַגען זײַנען אין ווײַסען אָנגעטון און זײַנען אין דעם פעסטען, קלאָרען אויר לײדענשאַפטליך פערשפּרײט אַרויף צו. גלײַך, ווי אויסגעשטרעקט אין דער הויך צו, אַ ווײַסע מתנה פאַר וועמען... בײַ דער זײַט, דאָרט, איז אַ ווײַסער וואַלד פאַראַן. און אַ ווײַסער וועג פיהרט אין ווײַסען וואַלד אַרײַן. מיר זײַנען אין וואַלד אַרײַן. געדיכט איז דער וואַלד. און אַ ווײַסע שטילקײט נעמט איהם אַרום. נעבען די אַלטע, שטומע, שטאָלצע בײמער שטעהען יונגינקע, לײדענשאַפטליך־דאַרינקע, עטוואָס אײַנגעבויגענע בײמעלעך. און אויף אַלעמען און אַרום אַלעמען הערשט אַ ווײַסער יום טוב. יעדער בוים, יעדע צווײַג אין ווײַסען, אין ווײַסען. שטיל אַרום און ווײַס... עס איז אַ ווײַסער יום טוב לכבוד אַ ווײַסען גאָט געפּײַערט. מיר האָבען זיך בײדע אָבגעשטעלט. מיר האָבען געקוקט פערוואונדערט אין ווײַסען וואַלד אַרײַן. וואָס? אַ חלק נעמען האָט זיך אונז געוואָלט אין דעם ווײַסען יום טוב?

מירע האָט שטיל געזאָגט:

— איך בין דעם ערשטען מאָל ווינטער אין מיטען אַ וואַלד.

— איך אויך.

און שטיל, ווײַס און שטיל דערצעהלט אונז דער וואַלד:

אַ ווײַסער יום טוב איז הײַנט בײַ מיר. אַ ווײַסער גאָט איז דאָ. אַ געהײמער. גרויס איז זײַן ממשלה. קאַלט איז ער, גרויס און ווײַס. האָט ער אונז אין ווײַסען אָנגעטון און שעהן איז אונז. שעהן...

נישט ווײַט פון אונז האָט אַ יונג בײמעלע זיך שטיל אַ ריהר געטון. אַ ווײַסער, זילבערנער שנײ־שטויב האָט זיך צעשאָטען פון דעם בײמעלע אויף דער ווײַסער ערד. און עס איז ווידער שטיל געוואָרען.

אונזערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט. וואָס?... אײן מחשבה איז דורך אונזער האַרצען? וואָס האָט געטראָפען? אונזערע ליפּען האָבען זיך פעסט, פעסט בעהעפט...

אַ רויטע שײַן האָט דעם וואַלד בעגאָסען...

— קראָן! — האָט זיך מירע די ערשטע אויפגעחאַפּט.
אַ טרויעריג ליידען האָט אין איהר שטימע געקלינגען.
— מירע, מירע, וואָס?...
מירע האָט טיעף און ערנסט אַ קוק געגעבען אויף מיר. האָט מיך אַ ווײַלע בעטראַכט. האָט געזאָגט שטיל:
— גאָרנישט, גאָרנישט.
און איז מיט אַמאָל אַזוי פרעהליך געוואָרען, שטיפעריש־פרעהליך.
— קראָן, איהר ווילט, איך זאָל ווערען ווײַס. ווײַס אָט אַזוי, ווי אַ בוים?

זי איז שטיפעריש צוגעלאָפען צו אַ יונג בײמעלע, אָנגעלאָדענם מיט שניי. האָט זיך געשטעלט אונטער זײַנע צווײַגען. האָט דאָס בײמעלע אַ טרייסעל געטון. אַ ווײַסער שניי האָט זי בעשאָטען. זי איז־צו צו מיר אינגאַנצען אַ ווײַסע. עס האָבען נאָר אַרויסגעקוקט פון דעם ווײַסען איהרע פרישע, ברענענדיגע אויגען און איהרע הייסע ליפען. זי איז געשטאַנען אַ ווײַלע אַ ווײַסע קעגען מיר. איך האָב זיך דערמאָנט אָן מײַן ווײַסען בוים, נעבען מײַן פענסטער. מירע האָט ליידענשאַפטליך, ווילד אויסגע־שריגען:
— קראָן, קראָן!
אונזערע ליפען האָבען זיך ווידער בעהעפט. הייס, שטאַרק, פעסט איינס אין דעם צווייטען אײַנגעקלעפּט.
אַ ברענענדיגער, אַ רויטער פײַער האָט דעם גאַנצען ווײַסען וואַלד בעגאָסען.

V

שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז איך פרעג זיך: ליעבע, וואָס איז עס אַזוינס? אַזוי פיעל גע׳חלומ׳ט וועגען דעם, אַזוי פיעל געטראַכט וועגען דעם. ליעבע... וואָס איז עס אַזוינס? פרישע, רויטע טראָפּען בלוט אויף אַ ווײַס־קלאָרען שניי־פעלד פערגאָסען? אַ פערשאָלטענע פרינצעסען אין שוואַרצען סאַמעט געקליידט, מיט רויטע, ווי פײַער פון ליכט, אויגען, מיט דינע, לאַנגע, טרוקענע צעפּ, מיט קרומע, דאַרע ליידענשאַפטליכע פינגער רײַט אויף אַ ווײַסען, ווי שניי, פערד. יאָגט זיך איבער בערג און טאָלען און זוכט, און זוכט און ווייסט נישט וואָס זי זוכט? ליעבע, ליעבע...
אין מײַן לעבען האָב איך שוין אַ סך בעציהונגען מיט פרויען געהאַט. יעדע נײַע פרוי, וואָס האָט מיך אָבגעשטעלט נעבען זיך, פלעגט

ווי אַ זומער־רעגען, וועלכער בענייט די טרוקענע ערד, בעניייען מיין הארץ. פלעגט אַראָבוואַשען אַזוי ריין, אַזוי פריש די ערײנערונגען פון דער, וואָס פאַר איהר. איך פלעג איהר דערפאַר דאַנקבאַר זיין. פלעג איך זי ליעבען? זי פלעגט מיך יונג מאַכען. אָבער ווי נאָר מיינע ליפּען פלעגען איהרע ליפּען קענען, מיין אָטעם פלעגט זיך מיט איהר אָטעם בעגעגענען, מיין לייב האָט איהר לייב געוואוסט, פלעג איך דערפיהלען, ווי נאָך אַ קנייטש איז אויף מיין שטערן צוגעקומען. און איך ווער פערוועבט אין די נעצען פון טויט. און נאָך אַ שטורם פון ליידענשאַפט, פון הייסע קושען, פון גוטע, ווייכע ווערטער פלעג איך פון טויט טראַכטען. פון טויט... און איך פלעג דורשטען, ווי די הייסע מדבר־זאַמד נאָך אַ רעגען. אַ רעגען, אַ זומער־רעגען... יאָ. איך האָב שוין אויפגעהערט צו האָפען וואָס פאַר מיר פון אָט דאָס פער'כשופ'טע פערשאָלטענע, מיט פריהלינגס־קלײדער און טויטע אויגען. ליעבע... עס איז עטליכע ערנסטע און נאָכדעם פאַלשע, פאַלשע קושען. עטליכע ערנסטע און נאָכדעם פאַלשע, פאַלשע ווערטער. אַ שלאָף־צימער מיט צוויי בעטען, איינס נעבען צווייטען, און אַ פאַלשער לעבען, דורכגעדרונגען מיט מחשבות פון טויט... איך שמייכעל, איך לאַך פון דעם. איך האָף אויף דעם גאָרנישט. ליעבע, ליעבע... — אַ האַרטער, אַ בלעכענער געלעכטער קלינגט אין מיינע אויערן... אַ האַרטער, אַ בלעכענער געלעכטער...

אָבער וואָס קומט מיט מיר איצט פאָר? — נייעס, נייעס... האָב איך ווען ביז איצט געליעבט דען? ווי יונג, ווי לייכט איך בין געוואָרען. ביז איצט אַ טעות געהאַט אין לעבען. אַ טעות. איך וועל איצט אַלץ איבער־אַ־נייעס אָנהויבען. אַ נייער קוואַל שלאָגט אין מיין האַרצען. יאָ. איך פיהל, אַז מיין לעבען ביז איצט איז נאָר אַ הקדמה געווען. אַ הקדמה. עס איז מיט מיר איצט אַ נס געשעהן. אַ נס... אַ נייע זון לייכט איבער מיין קאָפּ.

מירע'ס פּנים ווערט פון טאָג צו טאָג בעגייסטערטער און ליכטיגער. זי איז שוין ביי מיר עטליכע מאָל געווען. מירריידען כמעט גאָרנישט. זי זאָגט מיר גאָרנישט. איהרע אויגען זיינען נאָר היציגער, פערבײנקטער, איהרע פלייצעס אומרוהיגער ווי פריהער. מעהר גאָר. איהר געפעלט נישט מיין דירה, איהר געפעלט נישט מיין בילד. זי קומט צו מיר, אַנ'אומרוהיגע, אויף אַ קליינער ווײלע. גלייך, זי קומט וואָס דערגעהן, וואָס ערקונדיגען זיך. און געהט באַלד אַוועק.

ביי בורשטיינ'ען איין מאָל געווען. שרה האָט אויף מיר אַזוי אומרוהיג געקוקט. ווידער בענאַרישט זיך: ביי'ם זעגענען זיך מיט מירע'ן האָב איך איהר געזאָגט:

— איך וועל שוין מסתמא צו אײַך אין שטוב מעהר ניט געהן. איהר וועט בעסער צו מיר קומען.

מירע האָט רוהיג און קאַלט געענטפערט:

— גיכער ניט.

מירע, מירע, ווער זענט איהר אַזוינס?

---

אַ פאַרנאַכט, ניט געריכטערהייד, איז אַרײַן צו מיר חוה. פערשעמט איז זי געווען. האָט קיין ווערטער ניט געפינען וואָס צו זאָגען מיר. איך בעט זי זיצען. זי האָט זיך געזעצט און קוקט אויף מיר. מיר דוכט, זי האָט מיר וואָס צו דערצעהלען. איך בעווײַז איהר מײַן דירה. מײַן דירה איז איהר זעהר געפעלען. און אַלץ, וואָס אין דירה געפינט זיך, געפעלט איהר. אַפילו דאָס טיש׳ל, וואָס שטעהט בײַ׳ם ווינקעל אין מײַן שלאָף־צימער, דוכט איהר, אַז עס מאַכט בעזונדערס בעקוועם דעם צימער. מײַן בילד איז איהר זעהר און זעהר געפעלען. ווען איך בעגעגען איהר בליק אויף מיר, נעמט זי פון מיר איהרע אויגען אַראָב און קוקט אויפ׳ן בילד. און ווי שטיל, מוטערליך־גוט זי איז.

זי האָט ליעב, זאָגט זי, צו זיצען אויף אַ בעט. ערלויב איך איהר עס?

— יאָ. יאָ. אדרבה. איך בעט עס.

מיר פערבלײַבען אין מײַן שלאָף־צימער. חוה זיצט אויף מײַן בעט. קוקט אויף איהר.

— ווער פערבעט אײַך אײַער בעט? — פרעגט זי.

— חנה.

— אַ גוטע אידענע, אמת?

— גאָר אַ גוטע. — זאָג איך.

— און ווער בעט אײַך אויס?

— אויך חנה.

— אַזוי... איך האָב באמת ליעב חנה׳ן. ס׳אַ וואוילע זי איז. אמת?

— יאָ. גאָר אַ וואוילע.

אַוועקגעהענדיג, האָט זי מיר מיט אַזאַ דאַנקבאַרקייט מײַן האַנד געדריקט.

אויף מאָרגען פאַרנאַכט איז זי ווידער געקומען. אין דער זעלבער צײַט. דאָס מאָל האָבען איהרע גוטע אויגען אומרוהיג געפרעגט מיך:

— ס׳מאַכט נישט אויס, וואָס איך בין היינט ווידער געקומען? ניט דערעסען אייך?

איך האָב זי וואָרים בעגעגענט. זי איז פרעהליך געוואָרען. האָט זיך געזעצט נעבען מיר. מיט אַזוינע גוטע, רוהיגע אויגען האָט זי געקוקט אויף מיר. איך האָב אַ בוך אין האַנד געהאַלטען. עס איז אַראָבגעפאַלען. איך האָב זיך אָנגעבויגען אויפהויבען עס. חוה האָט מיך איבער׳ן קאָפּ אַ גלעט געטון. איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך בעמערק עס ניט. אַ לייכטער, אַ רויטליכער וואָלקען איז איהר פּנים דורכגעלאָפען. איהר האַנד האָט עטוואָס געציטערט. זי האָט מיך געפרעגט:

— צו אייך קומט קיינער ניט אַריין?

— די לעצטע טעג ניין.

זי האָט געשוויגען. איך האָב געזעהן, איך האָב געפיהלט, איהר האָט אין דעם וואָס פערדראָסען...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי ווידער געפרעגט:

— אייך איז דען ניט אומעטיג?

— ניין...

מיר האָבען ווידער אַ ווײַלע געשוויגען.

— קראָן!

מיך האָט וואָס געשראָקען דאָס מאָל אין איהר שטימע.

— וואָס?

איך האָב זיך צו וואָס צוגעגרייט.

זי האָט געשוויגען אַ ווײַלע.

— איך ווייס נישט... האָט זי ווידער מיט איהר אַלעמאָליגער שטימע געזאָגט — ביז איצט האָב איך זיך דאָ, אין שטעדטעל, קיין אָרט ניט געפונען. איז עס געווען אומעט, איז עס געווען טרויער, איז עס געווען אַ זוכעניש נאָך אַ נייעם לעבען. איך האָב זיך אָבער דאָ קיין אָרט ניט געפונען...

— חוה, איהר ווייסט? איהר זענט אַ ליעב, אַ וואויל מיידעל.

טרערען האָבען זיך געשטעלט אין איהרע אויגען. זי האָט גענומען מיין האַנד. האָט זי געגלעט. האָט געפלאָכטען מיינע פינגער. געשפּילט זיך מיט זיי. איך האָב געפיהלט, ווי זי האַלט אין זיך איין דעם אָטעם. איהרע בלאָנדע האָר זיינען זיך אַביסעל צעפאַלען אויף איהר שטערן, איבער איהרע אויגען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אויפגעשטאַנען. האָט געקוקט אויף מיר, דורך איהרע צעפאַלענע האָר, מיט איהרע גוטע, גוטע אויגען. און האָט אַזוי הייס מיין האַנד געדריקט:

— אַ גוטע נאַכט אייך, קראַן. אַ גוטע, אַ גוטע נאַכט.
און איז לאַנגזאַם, שטיל אַוועק.

---

אַ גאַנצען אין דערפריה געשטאַנען בײַ זיך אויפ'ן גאַניק. איך בין אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען. מירע קומט ניט צו מיר. איך געה ניט צו בורשטיין'ען. איך שטעה און קוק פון ווײַטען אויף בורשטיין'ס שטוב. אין גאַס איז שטיל. מען געהט אין שול. מען בעגריסט מיך. איך דערמאָן זיך, אַז זינט איך בין דאָ, אין שטעדטעל, טראָג איך ניט מיט זיך מײַן רעוואָלווער. ער ליגט אין טיש-קעסטעל בײַ מיר אין שלאָף-צימער. איך געה אַרײַן אין שטוב. נעם דעם רעוואָלווער. ער איז אָנגעלאָדען. איך לייג איהם צו זיך אין קעשענע אַרײַן. איך געה ווידער אויפ'ן גאַניק אַרויס. און איך קוק אויף בורשטיין'ס שטוב. מען געהט שוין פון שול. מען בעגריסט מיך ווידער. אין גאַס ווערט ווידער שטיל. די ווינטערדיגע זון איז שוין גאַנץ הויך. ירחמיאל, קעגען מיר, אויף זײַן אָפענעם הויף, קלײַבט זיך, ווײַזט אויס, פאָהרען אין דאָרף. עס פאַלט מיר אײַן אַ געדאַנק. איך געה אַוועק צו חיים דעם בעל עגלה.

— מען קאָן בײַ אייך קריגען אַ פערד דורכצופאָהרען זיך?

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, — זאָגט חיים, — ווען איהר ווילט און וויפיעל איהר ווילט. איך האָב טאַקי פאַר אייך אַ קליין שליטעלע.

— אַפילו שוין? — פרעג איך.

— תיכף.

— שפּאַנט אײַן — בעפעהל איך.

איך זעץ זיך אַרײַן אין דעם קליינעם שליטעלע. דער פערד איז אַ גוטער, אַ היציגער. איך פאָהר פערבײַ בורשטיין'ס שטוב. איך טרײַב דעם פערד געשווינד. יאָ. געזעהן זי דורכ'ן פענסטער. מירע איז געשטאַנען נעבען פענסטער און געקוקט אין גאַס אַרויס. קענטיג, אַז שוין אַ צײַט שטעהט זי אַזוי נעבען פענסטער און קוקט, און זוכט וועמען. אונזערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט. איך האָב געוואָלט אָבהאַלטען דעם פערד. אָבער עס איז שוין צו שפּעט געוועזען. אומקערען זיך צוריק? — ניין...
איך בין ווײַטער אַוועקגעפאָהרען. נאָך געשווינדער ווי פריהער. איך שפּיר אויף מײַנע פּלייצעס אַ בליק. ווער? מירע? דורכ'ן פענסטער? איך האָב זיך געשטאַרקט. ניט געקוקט אויף הינטען. נאָר בײַ'ם עק שטעדטעל האָב איך מײַן קאָפּ אויף הינטען אַ קער געטון. יאָ. מירע איז געשטאַנען נעבען זײַער גאַניק. איך האָב נאָך בעמערקט, ווי זי האָט

איהר בליק פון מיר צוגענומען און האָט געשווינד איהר קאָפּ אַ קער געטון צו דער אַנדערער זייט שטעדטעל... איך האָב דעם פערד נאָך שטאַרקער אַ טרייב געטון. אָבער לאַנג בין איך ניט געפאָהרען. אַרויס־פאָהרענדיג פון שטעדטעל, האָט מיך פערדראָסען אויף דער גאַנצער נסיעה. געדאַרפט בעסער אַרומגעהן אין שטעדטעל איבער׳ן גאַס... איך בין געוואָרען בייז אויף זיך. איך נעם מיין רעוואָלווער, שיס אויס אייניגע מאָל אין דער הויך. איך פאָהר צוריק אין שטעדטעל. ביי׳ם אָנפאַנג־שטעדטעל האָב איך בעמערקט, מירע שטעהט נאָך ביי׳ם גאַניק נעבען זייער שטוב. איך האַלט אָב דעם פערד, פאָהר שטילער. ניט ווייט פון בורשטיין׳ס שטוב, פאָהר איך שוין גאָר שטיל, לאַנגזאַם, טריט ביי טריט. איך זעה, מירע׳ס פנים איז צעטראָגען, אומרוהיג און פערדראָסיג. מיר בעגריסען זיך. זי האָט מיך געפרעגט:

— שוין צוריק?

אָ, איך בין אין דעם מאָמענט געוועזען אַזוי לעכערליך. איך האָב עס געפיהלט. איך בין עפּיס משונה אַראָבגעשפּרונגען פון שליטען, האָב אַ וואָרף געטון די לייצעס אויף דער ערד, האָב זיך משונה געלאָזט לויפען צו איהר. עס איז געוועזען אַזאַ פּלוצים׳דיגע בעוועגונג, אַז דער פערד האָט זיך דערשראָקען און האָט אַ שפּרונג געטון פון אָרט. מירע האָט זיך פרעהליך, פריי, קינדערש־פריי פונאַנדער געלאַכט:

— הער קראָן, הער קראָן, דער פערד וועט אַנטלויפען.

און אַזוי צופרידען האָט זי געלאַכט.

— עס איז קאַלט — האָב איך געזאָגט, אַליין ניט וויסענדיג צוליעב וואָס איך זאָג עס.

— נו, טאָ פאָהרט אַהיים. פאָהרט אַהיים, דערוואַרימט זיך.

און זי האָט אַלץ אַזוי צופרידען געלאַכט.

איך האָב איהר פעסט די האַנד געדריקט. בין אַוועקגעפאָהרען. האָב אָבגעפיהרט דעם פערד. חיים האָט מיר געזאָגט:

— ווען איהר ווילט, קענט איהר נעמען דעם פערד. ווען איהר ווילט.

איך האָב איהם געדאַנקט. פאַר וואָס?

ביינאַכט בין איך אַוועק צו בורשטיין׳ען. בעגעגענט אין עס־צימער נאָר מירע׳ן אַליין.

— גוט אָוועגד, מירע.

— גוט יאָהר.

אַ קאַלטער, איינגעהאַלטענער שמייכעל רוהט אויף איהרע ליפּען.

מיר שטעהען ביידע און שווייגען. פאַרוואָס זאָגט זי מיר גאָרנישט?

פאַרוואָס פרעגט זי מיך נישט, וואָס איך בין די לעצטע צײַט ניט געווען בײַ זײַ?

— זעצט זיך, הער קראָן, וואָס שטעהט איהר?

אַזוי קאַלט איז איהר שטימע. קאַלט און פרעמד.

מיר זעצען זיך בײדע בײַ׳ם טיש. מיר שווײַגען. ווען איך וואָלט וויסען, אַז מירע וועט עס ניט זעהן, וואָלט איך זיך צעביסען די ליפּ ביז בלוט. מיך דריקט אַזוי דאָס שווײַגען.

— עס איז געווען אַזוי קאַלט — זאָג איך.

— ווען?

— בײַטאָג. אַז איך בין געפאָהרען.

— אַ, בײַטאָג, יאָ. — זאָגט מירע — איהר זענט דאָך הײַנט אַרומגעפאָהרען. איך האָב זיך שוין געווען פערגעסען.

איך בײַס בײז מײַן אונטערשטע ליפּ.

עס קומען אַרײַן אין עס-צימער בורשטײַן מיט שרה׳ן. בורשטײַן וואונדערט זיך, וואָס איך געה צו זײַ די לעצטע צײַט אַזוי זעלטען. שרה זוכט וואָס אומרוהיג אין מײַנע אויגען. איך געה באַלד פון בורשטײַנ׳ען אַוועק.

מירע, מירע, ווער זענט איהר אַזוינס?

---

וואָס איז מיט מיר? איך אַרבײַט שוין אינגאַנצען ניט. בײַנאַכט שלאָף איך ניט. בײַטאָג געפין איך זיך קײן אָרט נישט.

מירע, מירע, ווער זענט איהר אַזוינס? ווער איז זי מיט איהר לאַנגען שוואַרצען צאָפּ, מיט דער רויטער, זײַדענער לענטע בײַ׳ם עק צאָפּ פערפלאָכטען און צוזאַמען מיט דעם איהרע, צײַטענווײַז ענערגיש-אַראָב-געפאַלענע, האָר בײַ די שלײפען, בײַ׳ם האַלז?

מירע, מירע, ווער זענט איהר אַזוינס?

פאַרנאַכט איז עס געווען. חוה איז צו מיר געקומען. אַ שטילע, אַ פערטיפטע אין זיך. מיר זײַנען שטיל געזעסען.

— קראָן! — האָט זיך צו מיר חוה געווענדעט.

— וואָס?

— קראָן, אַז איהר קוקט ווען אויף וואָס, צי אויף וועמען, דוכט מיר, אַז אײַערע אויגען קוקען וואו ווײַטער, ווי זײַער בליק פאַלט...

איך האָב געקוקט אויף איהרע גוטע אויגען. איך האָב געשוויגען.

— קראָן, איהר זענט אַנ׳אַנדערער. ניט ווי אַלע. און מיר דוכט,

איהר וואָלט עס וועלען בעהאַלטען פון אַלעמען. אַ פרעמדער זאָל עס ניט בעמערקען. אמת?... מיך פערדריסט עס...

איך האָב געשוויגען.

— קראַן, מיר דוכט, איהר זעהט אַזוי פיעל פאַר זיך. עס איז אַ גליק אַזוי פיעל זעהן. קראַן, אייך איז אַלץ קלאָר פאַר זיך?

— חוה, ליעבע חוה, פרעגט נישט.

איהרע פלייצעס האָבען אַ ציטער געטון.

— קראַן, קראַן...

— חוה, איך בין נישט גליקליך. ניין... דאָס וואָרט „גליק" איז שוין לאַנג פוסט פאַר מיר... חוה, איך האָב זיך ביז איצט מיין גאַנצען לעבען געזוכט און ניט געפונען. ביז איצט נאָר געזוכט זיך, געזוכט זיך און ניט געפונען...

איך האָב גערעדט מיט חוה'ן. אָבער מיר האָט געחלומ'ט, אַז אַנ'אַנדערע איז נעבען מיר און הערט מיך. מירע שטעהט הינטער מיר און צו איהר רעד איך עס.

חוה האָט זיך געשטעלט. האָט אַרומגענומען מיט איהרע קליינע, פולע, ווייסע הענד מיין קאָפ. און האָט מיך אַ קוש געטון אין שטערן.

ליעבער גאָט, מירע, מירע, מירע!

VI

יאָ. איך ווייס שוין, וואָס שרה היט אַזוי מיך מיט מירע'ן. איך ווייס.

איך בין אַריין ביינאַכט צו בורשטיין'ען. האָב איך דאָרט אַ גאַסט געטראָפען. יאָ. איך קען איהם; גאָלדמאַן. איך האָב זיך מיט איהם אין אויסלאַנד געטראָפען. אויך אין רוסלאַנד. מיר זיינען גוט בעקאַנט. און איך ווייס: ער איז בורשטיינ'ס אַ וויטער קרוב. איז אָפט ביי בורשטיינ'ען צו גאַסט. גאָלדמאַן איז אַ בחור אַ יאָהר זעקס און צוואַנציג. ער איז שטענדיג גלאַט געגאָלט. צופרידען פון זיך. רעדט געלאַסען. איז זיכער אין זיין ערפאָלג ביי מענשען. מיר האָבען זיך בעגעגענט, ווי אַלטע בעקאַנטע. שרה האָט זיך געוואונדערט:

— איהר קאָנט זיך?

— יאָ, — האָט גאָלדמאַן איהר ערקלערט. — מיר האָבען זיך אין אויסלאַנד געטראָפען, נאָכדעם אין רוסלאַנד. מיר קאָנען זיך גוט.

בורשטיין איז געוועזען יום-טוב'דיגער אָנגעטון ווי אַלע מאָל. איז געוועזען זעהר אויפגעלייגט. האָט זיך זעהר וואַרים בעצויגען צו גאָלד-מאַנ'ען.

מירע איז געווען אָנגעטון אין אַ שוואַרצער, זיידענער קלייד, אין אַ שוואַרצער זיידענער קאָפּטקע. מיר האָט געדוכט, אַז די קאָפּטקע גערט נישט צו איהר פנים, דאָס קלייד מאַכט שווער איהרע בעווענגונגען. זי האָט זיך געהאַלטען פריי, אָבער געווען פון וואָס ניט צופרידען. בורשטיין און שרה זיינען דאָס מאָל געווען צו איהר ניט געוועהנליך אויפגעלייגט און וואַרים. צו גאָלדמאַנ׳ען האָט זיך מירע בעצויגען פראָסט, איינפאַך. גע־האַלטען זיך פון איהם אַביסעל פון דערווייטען. זי פלעגט זיך צו איהם ווענדען: „הער גאָלדמאַן״.

גאָלדמאַן צו מירע׳ן האָט זיך געהאַלטען זעהר נאָהענט. פלעגט זיך צו איהר ווענדען: „מירעטשקאַ״. ער פלעגט קוקען אָפט אויף מיר מיט זיינע אויגען און גלייך, ווי ער פלעגט מיר מיט הנאה דערצעהלען:

— דאָס איז מיינע. מירעטשקאַ איז מיינע. ווייסט עס.

מירע איז ניט צופרידען געווען מיט גאָלדמאַנ׳ס האַלטען זיך מיט איהר. זי האָט אָפט אויף מיר געקוקט. איך האָב געפיהלט, זי דער־צעהלט מיר:

— נו, אמת, אַלע רעכענען עס אַזוי. גאָלדמאַן געוויס. איך אָבער האָב מעהר נישט ווי ווען געטראַכט וועגען דעם. און אויך ניט ערנסט. מעהר נישט. מעהר נישט. איך וויל איהר זאָלט עס פערשטעהן. איהר זאָלט עס וויסען...

מיר זיינען געזעסען אַלע ביי׳ם טיש אין עס־צימער. מען האָט טעה געטרינקען. מען האָט גערעדט. לאַנג בין איך ניט געזעסען. איך בין אויפגעשטאַנען אַוועקצוגעהן. אַ וואָלקען פון שרעק איז מירע׳ס פנים דורכגעלאָפען. איהרע אויגען האָבען ביי מיר וואָס געבעטען. זי האָט מיך געפרעגט:

— וואָס איילט איהר, קראָן?...

גאָלדמאַן האָט געוואָרפען זיינע אויגען אויף מירע׳ן. איך האָב געזעהן, ער האָט וואָס אין מירע׳ס אויגען בעמערקט. יאָ. דער גרעסטער קינסטלער וועט ניט בעמערקען דאָס, וואָס אַ געליבטער קאָן בעמערקען אין די אויגען פון דער, וואָס ער ליעבט. אַ נערוועזער וואָלקען איז דורך גאָלדמאַנ׳ס פנים.

— מירעטשקאַ!... — האָט ער, ווי אַליין ניט וועלענדיג, פון שרעק אויסגעשריגען. ער האָט זיך אָבער תיכף געפונען. זיך בעהערשט. און האָט שטיל געזאָגט:

— נו, אַז אַ מענש געהט אַוועק מסתמא דאַרף ער. מיר וועלען זיך נאָך זעהן, הער קראָן.

מײַן בליק האָט זיך בעגעגענט מיט מירע׳ס. דוכט מיר איין מחשבה בײַ אונז דורך:

— נאַריש!...

איך האָב זיך אָבגעזעגענט מיט אַלעמען. געבעטען גאָלדמאַנ׳ען אַרײַן צו מיר. איך בין אַוועק פון בורשטיינ׳ען. איך האָב געפיהלט, מיר׳ס אויגען בעגלייטען מיך. יאָ. איך ווייס שוין פאַרוואָס שרה היט אַזוי מיך מיט מירע׳ן.

אויף מאָרגען, בײַטאָג, איז צו מיר גאָלדמאַן אַרײַן. מיר האָבען גערעדט, פערבראַכט. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט זיך אײַנגעאָרדנעט אין אַ גאַנץ גרויסער שטאָדט, אַז ער האָט גוטע פראַקטיק. אַז בכלל איז ער צופרידען פון זײַן לעבען.

— עס פעהלט מעהר נישט — האָט ער נערוועז געשמייכעלט — אַ שעהנע, אַ ליעבע ווײַב.

— מסתמא, וועט דאָס אויך זײַן — האָב איך איהם בעמערקט.

גאָלדמאַן האָט אויף מיר אונצופרידען אַ קוק געטון. האָט געזאָגט נערוועז:

— און וואָס מיינט איהר? איך האַלט עס אין זיך פאַר אַ מעלה. איך האָב שטענדיג געוואוסט ווי צו לעבען. איך האָב רוהיג זיך געלערנט. רוהיג און שטיל געענדיגט דעם אוניווערסיטעט. רוהיג און גוט זיך איצט אײַנגעאָרדנעט. איך האַלט עס אין זיך פאַר אַ מעלה.

גאָלדמאַן איז אַוועק. איך בין דעם אָווענד צו בורשטיינ׳ען נית געגאַנגען.

אויף מאָרגען אין אָנהויב אָווענד איז צו מיר מירע געקומען. זי איז אַרײַן אַנ׳אומרוהיגע. האָט געקוקט אויף מיר מיט אומרוהיגע אויגען. זי פרעגט מיך וואָס שטומערהייד... זי האָט אויסגעטון איהר מאַנטעל, איהר היטעלע. זי ווערט רוהיגער, פרעהליכער. זי איז צו מיר אַזוי וואַרים און גוט. איהר געפעלט דאָס מאָל מײַן בילד. אייגענטליך איז עס איהר פריהער אויך געפעלען געווען. איהר דוכט נאָר, אַז דער קינסטלער האָט זיך מעהר ליעב, ווי מיך. נאָך וואָס, זאָגט זי, איז פאַראַן אין מיר, וואָס אין בילד איז עס ניטאָ. אין מײַן פנים און אין מײַן פיגור בכלל איז דאָ אַזוינס, וואָס רופט ערגיץ... ווײַט... זי האָט עס דערפיהלט אין מיר דעם ערשטען אָווענד, ווי זי האָט מיך דערזעהן. זי ריהמט דאָס מאָל מײַן וואוינונג. זי פיהלט זיך דאָ, זאָגט זי, אַזוי בעקוועם. מיך פרעהט עס.

מען האָט אָנגעקלאַפט אין טיר. מיך וואונדערט: ווער? מירע האָט אַ קוק געטון צו דער טיר, האָט אַ קוק געטון אויף מיר. אַ שולדיגער

שמײַכעל האָט זיך אויף איהרע ליפּען בעוויזען. זי האָט שולדיג געזאָגט:

— מסתּמא גאָלדמאַן. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך געה צו איַך.

איך האָב געבעטען אַרײַנגעהן. גאָלדמאַן איז אַרײַן. ער איז געווען צעטראָגען, נערוועז. זײַן פּנים איז געווען בלײַכליך. איך האָב איהם געבעטען זיצען. מירע האָט געקוקט אַראָב־צו, צו דער ערד.

מיר זײַנען געזעסען אַלע דרײַ. מיר האָבען כּמעט ניט גערעדט. מיר האָבען געשוויגען. גאָלדמאַן איז אויפגעשטאַנען. האָט זיך געווענדעט ו מיר׳ן:

— מירעטשקאַ, איך בין עם פערגאַנגען נאָך איַך. קומט מיר וועלען געהן אַ ווײַלע אין גאַס.

מירע האָט אַ בליק געטון אויף מיר:

— איהר געהט אַ ווײַלע אין גאַס, קראָן.

איך האָב געענטפערט:

— נײַן.

זי האָט זיך געווענדעט צו גאָלדמאַנ׳ען:

— זיצט אַ ווײַלע. שפּעטער.

גאָלדמאַן איז געווען פעסט:

— נײַן. קומט, שוין. קומט, מירעטשקאַ.

מירע האָט זיך ווידער צו מיר געווענדעט:

— קראָן, קומט.

איך האָב ניט געוואָלט:

— נײַן. איך געה נישט.

גאָלדמאַן איז אַלץ פעסט געווען:

— נײַן. איך געה.

מירע האָט געוואָרפען אַ בליק צו מיר, צו גאָלדמאַנ׳ען. נאָכדעם האָט זי אַראָבגעלאָזט איהרע אויגען פון אונז בײַדען און האָט רוהיג, מיט הנאה בעטראַכט איהר שעהנע, פרויען־האַנד, וואָס איז אויפ׳ן טיש געלעגען.

מיר שווײַגען.

איך האָב פאָרגעלײַגט:

— ווייסט איהר, הער גאָלדמאַן? געהט, מיר וועלען באַלד אויך קומען. מיר וועלען באַלד קומען.

מירע האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען פון איהר האַנד. האָט זיך געווענדעט צו גאָלדמאַנ׳ען:

— נו, גוט! מיר וועלען מסתּמא באַלד קומען.

גאָלדמאַנ׳ס פּנים האָט נערוועז אַ ציטער געטון. ער האָט זיך ווידער איינגעקנעצט אויף זיין אָרט און האָט אומרוהיג, נערוועז געזאָגט:

— נו, איך וועל שוין וואַרטען אויף איינ.

אַ שמייכעל איז מירע׳ס פּנים דורכגעלאָפען און איז געבליבען אויף איהרע ליפּען.

מיר זיינען געבליבען זיצען זאַלבעדריט. מירע האָט רוהיג געקוקט אויף איהר שעהנער האַנד. אויף איהרע ליפּען האָט אַ שמייכעל גערוהט. איך האָב גערוהט. איך האָב געוואוסט, דער שמייכעל געהערט ניט צו מיר. ניט מיך בעליידיגט ער, גאָלדמאַנ׳ען. אָבער פאַרוואָס האָט ער מיך געערגערט? פאַרוואָס האָט ער מיך בייז געמאַכט?... איך האָב זיך באַלד אויפגעהויבען:

— נו, לאָ׳מיר געהן אין גאַס.

איך בין אַ קליינע ווײַלע אומגעגאַנגען מיט זיי אין גאַס. בין באַלד אין שטוב אַריין. מיט מירע׳ן האָב איך זיך דאָס מאָל זעהר קאַלט געזעגענט.

אויף מאָרגען בייטאָג איז מירע אַריין צו מיר. זי איז גיך, געשווינד־צו צו מיר, גלייך, ווי וואָס דערצעהלען מיר איז זי געקומען. איך האָב זי קאַלט בעגעגענט. איהרע ליפּען האָבען נערוועז אַ ציטער געטון. איך האָב זי געבעטען זיצען. זי האָט ניט געוואָלט:

— איך געה באַלד אַוועק.

מיר זיינען געשטאַנען ביידע, איינער קעגען דעם צווייטען. מיר האָבען געשוויגען אַ ווײַלע.

— איהר ווייסט? — האָט מירע געזאָגט — גאָלדמאַן פאָהרט מאָרגען אַוועק.

איך האָב קאַלט געזאָגט:

— אַזוי?... און וואָס קער עס אָן צו מיר?

מיר שוויינען.

איך פרעג זי רוהיג און קאַלט:

— איהר פאָהרט אויך?...

מירע׳ס פלייצעס האָבען אַ ציטער געטון. אַ ווייסער וואָלקען איז איהר פּנים דורך. זי איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו מיר. האָט זיך ווי אויסגעגלייכט. האָט זיך געווענדעט צו מיר:

— קראָן, וואָס רעדט איהר מיט מיר אַזוי? וואָס פרעגט איהר?... איהר ווייסט דען נישט?...

זי האָט געקוקט מיט איהרע פרישע, שאַרפע אויגען אין מיינע אויגען אַריין. און האָט נערוועז און אויפגערעגט געזאָגט:

— איך וועל היינט בײנאַכט זאָגען גאָלדמאַנ׳ען. איך וועל בײַ איהם פרעגען, וואָס וויל ער פון מיר? ער ליעבט מיך. דער טאַטע און די מאַמע ווילען איהם. אָבער איך ליעב איהם נישט. נײן. קראַן, איהר ווײסט עס... קראַן!...

איהר קאָפּ איז אויף מײן ברוסט געפאַלען. אַ הײסער גליק נעמט מיך אַרום. איך האָב זי צוגעטולעט צו זיך. איך האָב איהר דעם שטערן געקושט. זי האָט מײן האַנד גענומען און האָט זי הײס, הײס געקושט.

## VII

גאָלדמאַן איז אַוועקגעפאָהרען. מירע איז בײטאָג אַרײַנגעלאָפען צו מיר. אַ פרעהליכע, אַ גליקליכע, אַ ליבטיגע. זי איז געווען אָנגעטון אין איהר קורצען ווײסען מאַנטעל, אין איהר קלײנעם, ווײסען היטעלע. דער שוואַרצער צאָפּ שנײדט דורך איהר ווײסען מאַנטעל. זי איז געפאַלען אויף מײן ברוסט. איהרע פלײצעס האָבען געציטערט פאַר פרײד. זי האָט געקושט מײנע הענד.

— ער איז אַוועקגעפאָהרען. אַוועקגעפאָהרען. קראַן, מײן ליבטי־גער. מײן קראַן, מײן קראַן!

איך האָב זי צו מײן ברוסט געדריקט. געקושט איהר שטערן, איה־רע פרישע, פרישע אויגען.

אײנג זײנען אונז געוואָרען די ווענד פון מײנע צימערען. עס שלעפּט וואו ערגיץ געהן, לויפען, פאָהרען...

מיר זײנען אין גאַס אַרויס. מיר געהען צו חיים׳ן. מיר בעטען איהם אײַנשפאַנען. מיר פאָהרען. מיר פאָהרען אויף אַ ווײסען וועג. אַרום אונז, הינטער אונז, פאַר אונז איז ווײס און ווײס. מיר זיצען אין דעם קלײנעם, גרינגען שליטעלע אײנס נעבען צווײטען. דער פערד לויפט הײס, געשווינד. ער טראָגט זיך ווי אַ ווינד. ווײסער שנײ פערשפריצט אונז, בעדעקט אונז. דער שליטען גליטשט זיך איבער דעם ווײסען וועג גיך, געשווינד. און מיר זיצען בײדע אַזוי נאָהענט אײנס נעבען צווײטען. אײנגעקלעפּט אײנס אין דעם אַנדערען. מירע שרײַט ווילד פון גליק. איך ענטפער איהר ווי אַ עכאָ. און דער פערד טראָגט זיך ווי אַ ווינד. וואוהין? — אַלץ אײנס. נאָך וואָס? — אַלץ אײנס. עס איז אַ ווײסעס גליק, פאַר זיך. אַ ווײסעס גליק.

איך ליעב, איך ליעב. איך ליעב מירע׳ן. מירע ליעבט מיך.
עס איז אַ ווײסעס גליק בײ אונז אין האַרצען.
מיר ליעבען, מיר ליעבען!

---

איינג איז פאַר מיר געװאָרען אָט דאָס קלײנע, װײַסע שטעדטעלע.

איך ליעב, איך ליעב.

חנה פרעגט מיך:

— הער קראָן, װאָס איז מיט אײַך? אײַערע אױגען ברענען אַזױ. איהר מוזט האָבען היץ.

— גאָרנישט, חנה, גאָרניט. דער קאָפּ דרעהט.

— װאָס רעדט איהר, הער קראָן? דער קאָפּ? לײגט זיך אין בעט. איך האָב עסיג. איך װעל אײַך עסיג צולײגען צום קאָפּ. עסיג. איהר זענט קראַנק.

מיר װילט זיך אַרומנעמען אָט די ליעבע, גוטע אידענע, דערצעה־לען איהר:

— יאָ, יאָ, חנה. מעגליך, איך בין קראַנק. איך בין קראַנק. אָבער פון ליעבע. פון ליעבע בין איך קראַנק!

— אַזױ, חנה... איהר האָט עסיג? — פרעג איך זי און איך לאַך. איך לאַך פאַר פרײד.

חנה קוקט אױף מיר. זי שרעקט זיך.

— װאָס לאַכט איהר, הער קראָן? לײגט זיך אין בעט. איהר זענט קראַנק. איך װעל ברײנגען עסיג.

איך װאָלט איהר אַזױ גערן דערצעהלט:

— ליעבע חנה, איהר װײסט? איך ליעב, איך ליעב. יאָ. איך װעל געהן אין מײַן שלאָף־צימער. איך װעל זיך אין בעט לײגען. אָבער באַצירט דעם צימער מיט װײַסע בלומען־קרענץ. בעט אום מײַן בעט מיט װײַסען זײַדענס, מיט װײַסע בלומען באַשיט זי. איך װעל זיך אין דער, װײַסער פון זײַדענס און בלומען, בעט לײגען. איך בין קראַנק פון ליעבע, פון ליעבע. איך ליעב, איך ליעב!

---

איך ליעב, איך ליעב!

איך בין אַמאָל אױף הױכע בערג געװעזען. אַרום מיר זײַנען געװעזען בערג און בערג, און אַ װילדער, פרײַער האָריזאָנט. איך בין געשטאַנען אױף דעם שפּיץ פון דעם העכסטען באַרג פון די אַלע בערג אַרום און אַרום. אַ נײַע װעלט האָב איך פאַר זיך דערזעהן. אַ נײַע ליכט. הױך בין איך און פרײַ. איך בין אָט ערשט געבױרען צוליעב אַ נײַעם לעבען. איך בין אױף די קניה געפאַלען. געקושט דעם שפּיץ באַרג און האָב מתפלל געװעזען.

— גרױסער, גרױסער גאָט, אַ דאַנק!

יאָ. גרויסער גאָט, אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק, איך ליעב!

דו האָסט אַ שטומע איינביגקייט בעשאַפען, אַ לעבען אַ קאַלטען ווי דער שנײַ אויף די ריזיגע בערג. אַ האַרטען ווי די פעלזען אויף די איי־ביגע ים־ברעגען. אָבער איך ליעב — אַ דאַנק!

איך קום פון אַ חאַאָס, וואָס איך בעגרײַף נישט זײַן וועזען, זײַן זײַן. מײַן סוף איז אַ קאַלטער טויט. איך קוק פאַר זיך מיט בלינדע אוי־גען. אָבער אַ ליכטיגע זון בעגלײַט מײַן וועג. און טיעפע, שטומע נעכט פערוויגען מײַן רוה — איך ליעב. אַ דאַנק!

גאָט, גרויסער גאָט, מײַן האַרץ איז פערוואונדעט פון דײַנע אכזריות׳דיגע פײַלען. דו האָסט אַ לעבען בעשאַפען און דאָס לעבען האָט מיר מײַן נשמה צעוועהטיגט. אָבער פון די וועהטאָגען פון מײַן נשמה וועל איך מיר אַ קראַנץ פלעכטען. מיט בלומען פון ליעבע וועל איך איהם בעצירען. און ער וועט מיר מײַן קאָפּ בעשעהנען. איך ליעב. אַ דאַנק!

איך ווייס ניט דעם וועזען, דעם זין פון מײַן הײַנט, פון מײַן נעכ־טען. אָבער איך טראָג אין זיך אַ מאָרגען... אַ מאָרגען, אַ מאָרגען...

איך ליעב, איך ליעב, איך ליעב!

---

בײַנאַכט. מירע איז צו מיר געקומען. זי איז דאָס מאָל אויפגערעגט מעהר ווי אַלע מאָל. די רויטע לענטע איז דאָס מאָל ניט געווען בײַ׳ם עק צאָפּ. איהר צאָפּ איז לײַכט, אין דרײַען פערפלאָכטען, אָט ער צע־פאַלט. זי האָט גיך אויסגעטון איהר מאַנטעל, איהר היטעלע. איך האָב אויף איהר געוואַרט. זי קומט צו מיר אַלע בײַנאַכט. אָבער ווי הייס, אומרוהיג זי איז הײַנט. איהרע אויגען בײַנקען און ברענען ווילד. איה פלייצעס ציטערען. זי קאָן דאָס מאָל קיין צימער ניט אויסקלײַבען, וואו מיר זאָלען זיצען. אויסגעקליבען דעם שלאָף־צימער. דאָ וועלען מיר הײַנט זײַן. דאָ. איך האָב זי פאַר׳ן האַנד גענומען. צוגעטולעט זי צו זיך. זי האָט זיך משונה אַ ריס געטון פון מיר:

— קראָן, מען דאַרף נישט...

זי בעט זיך וואָס אַזוי האַרציג. ניין. ניט בײַ מיר. בײַ זיך אַליין בעט זי זיך:

— מען דאַרף נישט...

— מירע, וואָס איז עס? עס איז דאָך שוין קלאָר. מיר ליעבען... מירע!...

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט איהרע ברענענדיג־ווילדע, אומ־

רוהיִגע אויגען. איהרע פּליִיצעס האָבען ליידענשאַפטליך געציטערט.
איהר שטימע האָט געציטערט ווי פון קעלט:

— קראַן, ריר מיך נישט...

און אַזוי רײַצענד־שעהן איז זי. ווי לייבט, ווילד, הייס און בּויגעוו־
דיג איז איהר פיגור. מײַן האַרץ, מײַן מוח ברענט. דער גאַנצער צימער
איז פאַר מיר פערגאָסען געוואָרען מיט אַ רויטער שײַן. איך האָב גערופען.

— מירע, מירע, מירע!...

איהרע הענד האָבען זיך צו מיר אויסגעצויגען, ווי פון זיך אַליין.
זיי האָבען מײַן האַלז אַרומגענומען. איהרע ליפּען האָבען זיך אײַנגע־
קלעפּט אין מײַן האַלז.

איך האָב מיט מײַנע הענד איהרע הייסע פּלייצעס אַרומגענומען.
איך האָב געוואָלט פערטולעט־ווערען אין איהר הייסער, ווילדער נשמה.

אָט זיך ווידער אַ ריס געטון פון מײַנע אָרעמס. האָט זיך געשטעלט
ווײַט פון מיר. האָט ווילד געשריגען:

— ניין... ניין... קראַן, ניין...

מיר זײַנען געשטאַנען אײנס קעגען צווייטען. פער׳כשופ׳טע אײנס
פון דעם אַנדערען.

—קראַן, — האָט מירע׳ס שטימע געציטערט — איך האָב גע־
בענקט נאָך דיר נאָך איידער איך האָב דיך בּעגעגענט. אַז איך בין
אין בערלין געוועזען. אַליין אין מײַן צימער. איך האָב ניט ליעב געהאַט
בערלין. איך האָב ניט ליעב געהאַט מײַן צימער. דאָס האָב איך נאָך
דיר געבענקט. נאָך דיר...

— מירע, — האָב איך זי גערופען — איך ליעב דיך. מײַן
נשמה בענקט נאָך דיר. מירע, מירע!...

אַ בליץ איז דורכגעלאָפען איהרע אויגען. איהר צאָפּ איז אינגאַנ־
צען, ליידענשאַפטליך צעפאַלען אויף איהרע ציטערדיגע פּלייצעס. זי האָט
ווילד אויסגעשריגען:

— יאָ... יאָ... יאָ!...

און האָט זיך ליידענשאַפטליך אַ וואָרף געטון אין מײַנע אָרעמס...

איך האָב הייס געקושט איהרע האָר, איהרע אויגען, איהרע פּליי־
צעס, איהר ברוסט. איך האָב זיך אײַנגעקלעפּט אין איהר לייב. איהר
נשמה האָט מיך אַרומגענומען. זי איז מײַנע, מײַנע, מײַנע!...

שפּעט אין דער נאַכט איז זי אײַנגעשלאָפען אין מײַנע אָרעמס אַ
פער׳שכור׳טע פון גליק. אַ רוהיגע, אַ שטילע ווי אַ קליין קינד. גלײַך

און רוהיִג געאָטעמט. ליִכטיג און גליִקליך איהר פּנים. אַזוי שלאָפט איין אַ קינד אין אַ זיִכערען שוים. אַזוי שײַנט די זון אַרוים נאָך אַ שטורם־וויִנד. וואָס האָט אָיהר גע׳חלומ׳ט?

## VIII

אַ סך נעכט זײַנען אַריִבער. הײסע. זודיִגע. איך פּיהל אונטער מײַנע פיס אַ פעסטע, אַ זיִכערע ערד...

בײַטאָג וואַרט איך אויף דער נאַכט. בײַנאַכט קומט צו מיר מירע. און די נאַכט איז אַ הײסע, אַ מײַוועלש־זודיִגע נאַכט.

אַ סך נעכט זײַנען אַריִבער.

מירע איז גליִקליִך.

און איך?

## IX

מירע איז גליִקליִך.

און איך? וואָס האָט מיט מיר געטראָפען? מירע האָט עס שוין בעמערקט. זי האָט מיך אומרוהיִג געפרעגט:

— קראָן, וואָס איז מיט דיר?

איך האָב געשוויִגען.

וואָס האָט מיט מיר געטראָפען?

ווי פון אַ בעהאַלטענעם ווינקעל הינטער מיר פון אַ וואַנד, ווײַזט זיך פאַר מיר וואָס... איך פיהל, עס האָט מיך שוין לײַנג געהיִט, איצט ווײַזט זיך עס. איך זעה עס נאָך דערווײַל ווי אַ שוואַרצען שאָטען אין אַ לבנה נאַכט. אָבער איך דערקען עס שוין... ניט דאָס ערשטע מאָל צו מיר בעוויִזען זיך. דאָס ערשטע מאָל האָב איך אַזוינס דערזעהן און דערפיהלט אין ציוריך. איך האָב געהאַלטען בײַ׳ם ענדיִגען מײַן שטודיום. איך האָב זיך דאַן געפיהלט פעסט, זיכער. זיִכער אין מײַן לעבען, זיִכער אין מײַן צוקונפט. האָט מיך פּלוצים אַ שרעק אַרומגענומען. איך האָב זיך געפרעגט: וואָס איז עס אַזוינס דאָס לעבען?... די ערד האָט זיך אונטער מײַנע פיס אַ טרײַסעל געטון. איך האָב מײַן שטודיום ניט פערענדיִגט. איך האָב ציוריך פערלאָזען. בין אין רוסלאַנד אַוועק. האָב זיך דער בעפרײַאונגם בעוועגונג איבערגעגעבען. פרעהליִך, מונטער פלעג איך אין די טורמעס זיִצען און פעסט און זיִכער פלעג איך אויף

דער פרײַהײַט מלחמה האַלטען. האָט מען מיך אײַנמאָל אין טורמע פערנומען. און דאָס מאָל האָב איך געוואוסט אויף זיכער, אַז איך ווער שוין אויף אײַביג אין די פינסטערע ווענד בעגראָבען. האָט עס מיך ניט געשראָקען. ניין. איך בין געווען געריכט. און נאָך אַלס איד... איך בין געווען גערעכט און די שטראָף קען איך טראָגען. אָבער אַן׳אַנדער שרעק האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב זיך געפרעגט: דאָס איז דאָס לעבען?... קיין אַנדערע לעבענס ווײַסטו נישט? קיין אַנדערע אמת׳ן האָסטו נישט געזוכט?... איז אַ נס געשעהן און איך האָב ווידער די ליכטיגע זון דערזעהן. איך האָב זיך איבער־אַ־נײַס גענומען זוכען. זיך געזוכט און געזוכט. איז געווען, ווען מיר האָט געדוכט, אַז איך האָב זיך שוין געפונען. אָבער ווי נאָר איך פלעג זיך דערפיהלען רוהיג, זיכער אַרום זיך, פלעגט מיך אַ שרעק אַרומנעמען. ניין... אַנדערש וואָס, אַנדערש וואו... אַ שרעק נעמט מיך איצט אַרום. אַ טומפע, אַ שוואַרצע וואַנד זעה איך פאַר זיך. איך וויל מײַן פנים פון איהר אָבקערען. אַ תפילה רײַסט מײַן נשמה:

— גאָט פון לעבען, בעווײַז מיר דײַן אמת׳ן פנים. פינסטער איז מיר. ליכט, ליכט, ליכט!...

בײַנאַכט, אַז מירע געהט פון מיר אַוועק, געה איך אין גאַס אַרויס. אין שטעדטעל שלאָפט מען. שטיל און ווינטער איז אַרום און אַרום. איך געה אַרום אַליין. אָ, שוין לאַנג אַז עס איז ווינטער. לאַנג, לאַנג שוין, ווי אַלץ אַרום דיר, איז אַזוי שטיל, פערפראָרען. שרעקליך. עס איז געווען אַזוי, עס איז איצט אַזוי און עס וועט זײַן אַזוי. אַ פראָסט בעמט דורך מײַן נשמה. עס טראַכט זיך:

— אײַביגקײַט, וואָס איז עס אַזוינס? און אויב דאָס איז אַן׳אײַביגער גילגול. אַן׳אײַביגעס איבער׳חזר׳ען דאָס זעלבע, וואָס געווען?... אַלץ וואָס איצט איז שוין געווען אַמאָל. דאָס זעלבע שטעדטעלע, חנה, חוה, בורשטײַן, מירע, קראָן. געווען שוין אַמאָל. און דאָס, וואָס איצט, וועט דערגרײַכען צו אַ בעוואוסטען פונקט. פון דעם גאַנצען בעשעפעניש וועט ווערען פוסט און לער. מענשען וועלען ווידער דערצעהלען: פון אָנפאַנג האָט גאָט בעשאַפען די הימלען און די ערד. און די ערד איז געווען פוסט און לער... און אַזוי ווײַטער. און נאָכדעם וועט עס דערגעהן ווידער ביז חנה׳ן, חוה׳ן, בורשטײַנ׳ען, מירע׳ן, קראָנ׳ען... און אַזוי ווײַטער, אַזוי ווײַטער. אײַביג, אײַביג... שרעקליך!...

— גאָט פון לעבען, בעווײַז דײַן אמת׳ן פנים. פינסטער איז מיר. ליכט, ליכט, ליכט!

חנה פרעגט מיך אַלץ:

— הער קראַן, וואָס איז מיט אײַך? איהר שלאָפט ניט, איהר עסט נישט. וואָס איז מיט אײַך?

חוה איז צו מיר אַ בײַטאָג אַרײַן. זי איז שוין לאַנג ניט געווען בײַ מיר. איהרע האָר זײַנען דאָס מאָל געווען נײַ פערקעמט. דאָס ערשטע מאָל זעה איך עס אַזוי. איהרע האָר זײַנען געווען גלײַך פערקעמט אַרויף־צו און אין אַ צאָפּ פערפלאָכטען. ווי מירע... זי איז אַרײַן אַנ׳אומרוהיגע, איהר פּנים איז בלײַך געווען. אין איהרע גוטע, מוטערליך־גוטע אויגען איז אַ שרעק געווען. זי האָט מיך טרויעריג געפרעגט:

— קראַן, וואָס איז מיט אײַך? איך האָב אײַך הײַנט דורכ׳ן פענס־טער געזעהן. איך האָב אײַך קוים דערקענט.

— וואָס׳אי?

— איהר זענט אַזוי פון פּנים אַראָפּ.

— יאָ?

— איהר זעהט אויס שרעקליך. וואָס איז מיט אײַך?

איך בעט זי:

— פרעגט נישט...

זי האָט מײַן קאָפּ אַרומגענומען. האָט מיך אַ לאַנגען, וואַרימען קוש געטון אין שטערן.

— מען דאַרף נישט אַזוי... חוה, — האָב איך זי געבעטען.

— איך ווייס... — האָט זי שטיל געזאָגט — מען דאַרף נישט אַזוי... איך ווייס... אָבער וואָס איז מיט אײַך, קראַן...

איהרע אויגען זײַנען פײַכט געוואָרען. זי איז געשווינד אַרויס פון צימער און איז אַוועק.

איך האָב נאָכדעם אַ צײַט געקוקט אויף מײַן בילד. יאָ. ווי אומ־רוהיג זײַנען מײַנע אויגען.

מירע איז געקומען. זי זעצט זיך נעבען מיר. זי נעמט מײַן האַנד אין איהרע בײדע הענד. זי שווײַגט אַ ווײַלע. זי פרעגט מיך:

— קראַן, מײַן ליכטיגער, וואָס איז מיט דיר, וואו איז דײַן רוהיג־קײט?

איך פרעג זי:

— מירע, מירע, וואו איז דײַן אומרוהיגקײט?

מירע קוקט מיר אין די אויגען אַרײַן. זי בעט זיך:

— איך וויל נישט, איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט זײַן אַזאַ.

טרערען ווײַזען זיך אין איהרע אויגען. יאָ. איהר שרעקט מײַן אומרוהיגקײט. מיך שרעקט אויך. אַ שרעק האָט מיך אַרומגענומען.

— גאָט, גאָט פון לעבען, בעווײַז מיר דײַן אמת׳ן פּנים!...

# X

איך קלײַב זיך אַוועקפֿאָהרען פֿון שטעדטעל. מירע אויך מיט מיר. וואוהין? ווידער אויף דער וועלט. ווידער אין אויסלאַנד, ווידער אין שטעדט. איך פֿיהל זיך אויף דער וועלט אַזוי פֿרעמד. תמיד פֿרעמד געפֿיהלט זיך. בײַ פֿרעמדע און צווישען פֿרעמדע.

שרה'ס בעציהונגען צו מיר זײַנען מאָדנע. אַט די רוהיגע פֿרוי האָט זיך אָנגעוואָרען. אַז איך קום ווען אַרײַן צו בורשטײַנ'ען איז זי צײַטענווײַז אַזוי גוט צו מיר, ווי צו אַנ'אײגען קינד, אָבער עס טרעפֿט, אַז זי קוקט אויף מיר מיט אַזאַ פֿערדראָס. זי איז דאַן בײז אויף מיר און זי בעט וואָס פֿון מיר. זי קוקט אויף מיר, זי קוקט אויף בורשטײנ'ען. איך זעה, איהר פֿערדריסט, וואָס בורשטײן זיצט אַזוי רוהיג, זיכער, מיט זײַן שטענדיגען שמײכעל אויף זײַנע ליפּען.

זי איז אײנמאָל געוועזן בײַ מיר. בײַטאָג איז זי געקומען.

— געקומען — זאָגט זי — זעהן ווי איהר וואוינט.

איהר געפֿעלט מײַן דירה. זי געפֿינט, אַז אין שלאָף־צימער האָט מען געדאַרפֿט פֿערקלעפּען גוט די פֿענסטער. עס איז דאָך ווינטער. זי האָט אַ קוק געטון אויף מיר. האָט מיך בעטראַכט אַ ווײַלע. און אַ ביטער־פֿערדראָסיגער געדאַנק איז איהר פּנים דורך. זי איז טרויעריג געוואָרען. און איז באַלד אַוועק.

דאַכט זיך שרה קלײַבט זיך וואָס צו פֿרעגען בײַ מיר. איך בין גרײט. זי וועט פֿרעגען, וועל איך איהר זאָגען אָפֿען, גלײַך.

אין שטעדטעל איז שטיל. דער ווינטער איז שטאַרק. אין גאַס זעהט מען מעהר נישט געהן אין שול און פֿון שול. און עס ווערט ווידער שטיל און פּוסט אין גאַס. בעווײַזט זיך ירוחמיאל'ס פֿערד מיט'ן שליטען אַרויספֿאָהרענדיג פֿון זײַן אָפֿענעם הויף. ירוחמיאל זעצט זיך אין שליטען אַרײַן. ער וואַרט אַ ווײַלע. רחל־לאה טראָגט איהם אַרויס פֿון שטוב די בײַטש, געהט צו צו'ם שליטען, דערלאַנגט זי איהם. ירוחמיאל נעמט בײַ רחל־לאה'ן די בײַטש און פֿאָהרט אַוועק אין דאָרף. שטיל. שטיל אין גאַס. שטיל אין שטעדטעל.

עס איז אין שטעדטעל אַ מגיד געקומען. אַנ'אַלטער, נידעריגער איד, מיט אַ געדיכטער גראָהער באָרד, גרויסע אויגען, פֿולע ליפּען, מיט אַ גרויסען, אַלטען, ערנסטען שטערן. זײַן ווינטערדיגע היטעל איז אויף הינטען פֿערוקט. זײַן פֿוטער איז אַזאַ אַלטער. ער האָט אין דערפֿריה אין שול נאָכ'ן דאַווענען געזאָגט. איך האָב געזעהן: מען איז פֿון שול געגאַנגען זעהר ערנסטע, פֿערטראַכטע. חנה האָט מיר דערצעהלט:

— אַ מגיד האָט היינט אין שול געזאָגט. אַ גוטער מגיד. אַלעמען געפעלט ער.

איך פרעג זי:

— וואָס האָט ער געזאָגט?

זי האָט זיך טרויעריג פערטראַכט:

— געזאָגט, אַז מען דאַרף פרום זיין, עהרליך זיין. מען דאַרף יעדען טאָג וואַרטען אויף משיח'ן. אַ גוטער מגיד. ער האָט געזאָגט און געוויינט.

— מען האָט איהם פערבעטען — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום ווידער דערציעהלט — אויף שבת. גוט. איך האָב זעהר ליעב הערען אַ מגיד.

שטיל אין שטעדטעל. פאַרנאַכט זעה איך ווען דורכ'ן פענסטער אין גאַס מנשה'ן מיט ביילע'ן. זיי געהען ביידע אין גאַס אַרום. מנשה געהט אַביסעל איינגעקאָרטשעט אין זיך. אַ האַנד אין אַ האַנד אַריינגע-לייגט. איהם איז קאַלט. אויף ביילע'ס ליפען איז אַ קראַנקער שמייכעל פערשפרייט. ביידע שוויַיגען.

שטיל אין שטעדטעל. און דער ווינטער איז פעסט און שטאַרק. אַ תפילה רייסט מיין נשמה:

— גאָט, גאָט פון לעבען, בעווייז מיר דיין אמת'ן פנים!...

## XI

פאַרנאַכט. איך שטעה ביי זיך נעבען פענסטער און קוק אין גאַס אַרויס. עפּיס אַרום ירחמיאל'ס שטוב קלייבט מען זיך. ווייבער, מאַנסביל. חנה געהט אויך אַהינצו. זי איז צו ירחמיאל'ן אין שטוב אַריין. שרה איז אויך געקומען, אין שטוב אַריין. כמעט דאָס גאַנץ שטעדטעל איז שוין אַרום שטוב. מען לויפט אין גאַס. מען טראָגט וואָס אַהין, אין שטוב. עס האָט געטראָפען, ווייזט אויס, אַן אומגליק.

חנה איז געקומען אָנצינדען פייער ביי מיר. זי איז אַן אומרוהיגע, אַ בלייכע, אַ דערשראָקענע. איך פרעג זי:

— וואָס איז עס, חנה, וואָס האָט געטראָפען?

חנה דערציעהלט טרויעריג מיט טרערען אין די אויגען:

— וואָס זאָל זיין? ירחמיאל'ס ווייב, רחל-לאה'ן, איז פלוצים ניט גוט געוואָרען. זי איז אַ פערבייאיגע.

— ירחמיאל איז אין דערהיים? — האָב איך זי געפרעגט.

— ניין. ירחמיאל איז אין דאָרף. ער ווייסט נעביך נישט. פּלוצים געוואָרען.

— וואָס איז איהר? — פרעג איך.

— מען ווייסט נישט. קיין דאָקטאָר איז דאָך ביי אונז ניטאָ. מען ווייסט נישט. אָבער זי איז אַ פערבייאיגע. מען זעהט עס. מעהר אויף יענער וועלט, ווי אויף דער וועלט.

איך בין אַרויס אין גאַס. בין צוגעגאַנגען צו ירחמיאל׳ס שטוב. מענשען געהען אַריין אין שטוב, געהען אַרויס. מען איז צעטראָגען, דער־שראָקען, פערביטערט. אַ ביטערער טרויער הייגגט איבער ירחמיאל׳ס שטוב. ער פערשפּרייט זיך איבער דעם גאַנצען שטעדטעלע, איבער אַלע מענשען, וואָס שטעהען אַרום שטוב. דאָס שטילע שטעדטעלע איז אין איין ווייַלע אויפגעוואַכט געוואָרען. אַלע שטעהען אַרום שטוב, דערשראָ־קענע, פערביטערטע, נאָהענט אַיינס נעבען אַנדערען ווי איין משפחה. איין אומגליק האָבען אַלע דערפיהלט, טויט... איינער פון דער משפחה האַלט ביי אַוועקגעהן. מיט׳ן לעבען זיך שיידען. דין וחשבון פאַר יענער וועלט אָבגעבען... מען פרעגט מיט שרעק ביי די אַרויסגעהענדיגע פון שטוב:

— וואָס הערט זיך?

יענע שוייגען און זיפצען.

און מען פערשטעהט דעם זיפץ. מען פערשטעהט דאָס שוייגען. און מען קוקט אַלע אויף דער שטוב. גלייך, מען זוכט וואָס דאָרט אַ פערבעהאַלטענעס; גלייך, מען זעהט ווערען דאָרט אַ פערבאָרגענעם...

שרה איז אַרויס פון ירחמיאל׳ס שטוב. זי זאָגט מיר טרויעריג:

— איך האָב מורא, אַז זי איז שוין ניט אונזערע.

שרה געהט אַהיים. איך בעגלייט זי. איך געה מיט איהר צו זיי אין שטוב אַריין. בורשטיין פרעגט שרה׳ן:

— וואָס?

— נישט. שלעכט.

עס קומט באַלד אַריין דער רב. מיט איהם נאָך עטליכע אידען. דער רב איז פערזאָרגט, פער׳דאגה׳ט. מען זעצט זיך אַרום טיש אין עס־צימער. דער רב זיצט אין פוטער. ער איילט. דער רב האָט זיך גע־ווענדעט צו בורשטיינ׳ען.

— איהר ווייסט, וואָס איך בין געקומען, רב לייב? איך רעכען, אַז מען זאָל שיקען אין שטאָדט דערביי נאָך אַ דאָקטאָר.

— און גאָט ווייסט, צי וועט שוין דער דאָקטאָר וואָס העלפען — האָט שרה געזיפצט.

בורשטײַן האָט געזאָגט:

— אודאי דאַרף מען שיקען נאָך אַ דאָקטאָר. איך גיב דאָס געלט.

דעם רב׳ס פּנים איז ליכטיקער געוואָרען.

— אודאי דאַרף מען טון, וואָס מען קאָן — האָט ער ווי פאַר זיך געזאָגט — מען דאַרף טון. מען דאַרף גײן רופען חיימ׳ן. זאָל ער פאָרען. תּיכּף.

מען איז אַוועק רופען חיימ׳ן. חיים איז באַלד געקומען מיט זײַן שוואַרץ-האָריג געזיכט, אין זײַן שוואַרצען פּוטער. דער רב האָט איהם געפרעגט:

— דו וועסט פאָהרען נאָכ׳ן דאָקטאָר?

— וואָס פאַר אַ תּירוץ? איך פאָהר.

בורשטײַן גיט אַן עצה:

— עס איז ביינאַכט. דער וועג איז איצט פערשאָטען מיט שניי. זאָל מיט איהם נאָך ווער פאָהרען. עס איז אַ סכּנה אַלײן צו פאָהרען.

— וועט ווער פאָהרען מיט מיר, איז גוט — האָט חיים געזאָגט, — אַז ניט, פאָהר איך אַלײן. עס איז אַ תּירוץ?

עמיץ האָט איהם געפרעגט:

— און וואָס ווילסטו פאַר דער פוהר?

חיים האָט געזאָגט:

— איך רעכען ניט פון דער נסיעה רײַך ווערען און איך רעכען ניט, אַז מען וועט מיך בע׳גזלנ׳ען. מען דאַרף, פאָהר איך. איך גײ שפּאַנען.

אויפ׳ן הויף האָבען זיך טריט דערהערט. אַלע האָבען ווי אַ ציטער געטון. מען איז שטיל געוואָרען. מען האָט די טיר געעפענט. דער שטענדיגער שמייכעל אויף בורשטיינ׳ס ליפּען איז אַנטרינען געוואָרען. דער רב האָט אויסגעשטעלט זײַנע אויגען צו דער טיר צו. עס איז אַרײַן ווער אין שטוב. אַרײַן אין עס-צימער. האָט זיך געשטעלט נעבען טיר. האָט שטיל געזאָגט צו זיך אַלײן:

— ברוך דיין האמת.

דער רב האָט איהם נאָכגעזאָגט קלאָר, הויך:

— ברוך דיין האמת:

אַלע זאָגען נאָך דעם רב:

— ברוך דיין האמת:

שטיל, טרויעריג צעגעהט מען זיך פון בורשטיינ׳ען.

אויף מאָרגען נאָכ׳ן דאַוונען איז די לויה געווען. דאָס גאַנץ שטעד-טעלע איז צו דער לויה געגאַנגען. טרויעריגע, מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ

צו דער ערד. די לויה איז זיך געגאנגען איבער דער גאס. די צדקה פושקעס האבען טומפ און טויט געקלאפט. און מיט א טומפען, טויטען בלעכענעם קול האט מען געשריגען:

— צד-קה ת-ציל מ-מות... צד-קה... צד-קה... צד-קה...

ירחמיאל איז נאכגעגאנגען נעבען דער מטה. ער האט געקוקט פאר זיך ווי א מענש, וואס זעהט גארנית. ווי מיט אפענע בלינדע אויגען. חנה האט מיר נאך דער לויה דערצעהלט:

— עפּיס מאדנע מיט ירחמיאל'ן. ער איז געקומען פון דארף, איז אריין אין שטוב. האט געפרעגט: וואס איז עס? און מעהר האט מען פון איהם גארנישט געהערט. ער איז צעטומעלט ווי א משוגע'נער. שווייגט און טוט וואס מען זאגט איהם און מעהר גאר.

— און טאקי עפּיס מאדנע — האט זי אין א ווײלע ארום גע־זאגט — אט ערשט געלעבט. געלעבט ווי מיר אלע און ניטא... און מענשען האבען עס אליין בעגראבען... אין דער ערד.

אויף ירחמיאל'ס שטוב רוהט א משונה רוהיגקייט. איך שטעה אפט נעבען פענסטער און קוק אויף איהר. רוהיג איז אלץ ארום שטוב. א טויטע רוהיגקייט נעמט זי ארום. אין שטערטעל איז א שרעק בעשא־פען געווארען. מען האט מורא צו געהן אליין ביינאכט.

פארנאכט. חוה איז געקומען צו מיר. איהר פנים איז בלייכליך. איהרע גוטע אויגען בעטען ביי מיר:

— ענטשולדיגט. איך בין געקומען צו אייך.

זי זאגט מיר:

— עפּיס א שרעק האט מיך אנגעחאפּט. איך קאן אין שטוב ניט זיצען. איך בין געקומען צו אייך.

מיר זיצען ביידע. מיר שווייגען. חוה דערצעהלט:

— אז מיין טאטע איז געשטארבען, פלעג איך א צייט נאכדעם הערען, ווי ער רופט מיך. איך זיץ אליין אין צימער. עס איז שטיל. איך הער, ער רופט מיך: חוה... איינמאל, איך קער אום מיין קאפּ, ער שטעהט נעבען מיר. איך האב זיך פונאנדער געוויינט: טאטע, טאטע! ער איז נישט געווארען.

חוה געהט אוועק. איך בעגלייט זי. איך געה צוריק אהיים. עס איז שוין פינסטער. איך שטעל זיך אב נעבען ירחמיאל'ס שטוב. א טויטע רוהיגקייט שוועבט אויף דער שטוב. עמיץ געהט אין גאס. אנ'עלטערער איד. ער שטעלט זיך אב נעבען מיר. ער זאגט מיר:

— געשטארבען. איהר שטעהט אליין אין גאס, נעבען שטוב?... איהר ווייסט?... עפּיס...

ער ענדיגט נישט. ער גערט אוועק איינגעקאָרטשעט אין זיך.

איך געה צו זיך אין שטוב אריין. חנה איז אין שטוב. זי איז אַ דערשראָקענע, אַנ׳אומרוהיגע. איך פרעג זי:

— וואָס איז מיט אייך, חנה?

זי קוקט אויף מיר מיט דערשראָקענע אויגען. זי דערצעהלט מיר:

— איך האָב איצט, ניט לאַנג, נעבען ירחמיאל׳ס שטוב רחל־לאה׳ן געזעהן. איך בין גענאַנגען צו אייך. זי איז דאָ, אַנטקעגען, אָט נעבען יענעם פענסטער געשטאַנען. האָט געקוקט דורכ׳ן פענסטער, ווי ירחמיאל זיצט שבעה. איהר גלויבט נישט? איך האָב געזעהן. איך בין אריינגע־לאָפען צו אייך אין שטוב. האָב נאָך אַמאָל, דורכ׳ן פענסטער אַ קוק גע־געבען. זי איז שוין ניט געוועזן.

איך פרעג ביי איהר:

— און וואָס איז מיט ירחמיאל׳ן?

— וואָס זאָל זיין? זיצט און שווייגט. מען גיט איהם עסען, זעהט ער נישט. זאָגט מען איהם, עסט ער. ער איז די גאַנצע צייט ווי צעטומעלט. ער האָט געוואָלט פאָהרען אין דאָרף. האָט מען איהם גע־זאָגט, אַז מען טאָר ניט, מען דאַרף נישט. האָט ער געקוקט אויף אַלע־מען מיט צעטומעלטע אויגען און האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער ערד.

איך האָב געזעהן ווי ירחמיאל איז אַוועקגעפאָהרען דעם ערשטען מאָל, נאָך שבעה, אין דאָרף. איך בין ביי זיך אויפ׳ן גאַניק געשטאַנען. אין גאַס זעהט מען קיינעם ניט. עס איז אַ שטאַרקער פראָסט. עס בלאָזט אַ בייזער, ווינטערדיגער ווינד. ער פערשיט די שטילע גאַס אין קופּעס שניי. ירחמיאל׳ס פערד מיט׳ן שליטען זיינען ארויס פון הויף. דער פערד שטעלט זיך אָב נעבען שטוב. ירחמיאל זעצט זיך אין שליטען אריין. און וואַרט. אויף דער בייטש, ווייזט אויס. איך הער, ירחמיאל רופט:

— רחל־לאה, רחל־לאה...

ער קוקט צעטומעלט אויף זיין שטוב. פּלוצים האָט ער זיך צע־וויינט. ווייזט אויס, אָט ערשט געכאַפּט זיך. אָט איצט האָט ער זיך עס דערוואוסט. ער וויינט ביטער:

— געשטאָרבען, געשטאָרבען...

דער פערד איז אַוועק איבער דער גאַס. ירחמיאל זיצט אין שלי־טען און וויינט:

— געשטאָרבען, געשטאָרבען. רחל־לאה!...

חנה האָט אַ גאַנצען טאָג געזיפצט:

— אַ, אין אַזאַ טאָג, אין אַזאַ וועטער איז אַוועקגעפאָהרען ירחמיאל אין דאָרף.

אויף מאָרגען פריה איז חנה געקומען צו מיר אַנ׳אומרוהיגע:

— איהר ווייסט, הער קראָן? ירחמיאל איז נעכטען ביינאַכט פון דאָרף ניט געקומען. וואָס קאָן דאָס זיין?

פאַרנאַכט איז חנה געקומען צו מיר אַ פערוויינטע, זי האָט מיר דערצעהלט:

— ירחמיאל׳ן האָט מען געפונען אויפ׳ן וועג אַ דערפראָרענעם. דער פערד איז געשטאַנען אַ פערטרונקענער אין אַ קופּע שניי. ירחמיאל איז געשטאַנען נעבען פערד, אָנגעשפּאַרט אויף אַ האָלאָבלע, אַ טויטער, אַ פערפראָרענער.

אין צימער איז פינסטער. חנה וויינט.

איך ווייס ווי אַזוי ירחמיאל איז געשטאָרבען:

דער ווינד האָט געזייט אויף די ווייסע פעלדער שניי און פראָסט. ירחמיאל׳ס פערד איז זיך געגאַנגען שטיל איבער די שניי־פעלדער. ירחמיאל זיצט שטיל אין שליטען און חזר׳ט:

— געשטאָרבען, געשטאָרבען.

עס איז נאַכט. דער פערד געהט טריט ביי טריט. קיין וועג איז נישטאָ פאַר זיך. די פעלדער ווערען אַלץ מעהר פערזייט, פערשאָטען. ירחמיאל זיצט אין שליטען. טרייסעלט זיך פאַר קעלט און טענה׳ט:

— געשטאָרבען, געשטאָרבען.

דער פערד האָט זיך אָבגעשטעלט. נישטאָ קיין וועג, ניטאָ קיין שטעג. ירחמיאל זיצט אין שליטען. די אויגען ברענען פון פראָסט. ירחמיאל רעדט צו זיך:

— קאַלט... געשטאָרבען. אין דער ערד איז קאַלט.

פערפראָרען געוואָרען זיינע הענד. די באָרד, די ברעמען פון די אויגען. ער געהט קוים פון שליטען אַראָב. שטעלט זיך נעבען פערד. זיין גאַנצער קערפּער פרירט. עס פרירען די האָר פון קאָפּ. און ליכטיג ווערט פאַר איהם פלוצים. ער איז ביי זיך אין שטוב. ליכטיג, וואַרים, היים. רחל־לאה שטעהט אין מיטען שטוב. די זעלבע רחל־לאה. נאָר דאָס פנים זעהר ריין אויסגעוואַשען. איז אָנגעטון אין אַ ווייסען שיר׳ן.

— רחל־לאה!...

— וואָס וואונדערסטו זיך אַזוי, ירחמיאל?

— פאַרוואָס האָסטו מיך געלאָזען אַליין?...

— דו מיינסט, איך וועל דיך לאָזען אַליין?...

— דו ביזט דאָך געשטאָרבען...

— יאָ. איך בין געשטאָרבען. אַז מען שטאַרבט איז מען אויך אַזוי... אַט זעהסטו מיך.

— נעם מיך צו דיר.

— דו ביזט מיט מיר...

— דאָס איז געשטאָרבען? דאָס איז יענע וועלט?...

— יאָ. ביידע איין וועלט... איין וועלט... נאָר דאָ איז ליכ־טיגער, ריינער, אויסגעוואַשען...

— רחל־לאה, נעם מיך צו דיר.

— דו ביזט מיט מיר, מיט מיר...

חנה זאָגט מיר:

— נישט געקאָנט ירחמיאל לעבען אַליין. אויך געשטאָרבען. ביידע געשטאָרבען. ביידע אויף יענער וועלט.

חנה צינדט אָן פייער. מיר זיצען און מיר שווייגען. איך בין מתפלל:

— גאָט פון לעבען, בעווייז מיר דיין אמת׳ן פנים!

## XII

איך שטעה שוין אויפ׳ן וועג. מירע אויך. חנה׳ן פערדריסט, וואָס איך פאָהר אַוועק. זי זאָגט:

— איהר פאָהרט אין די שטעדט. מען דאַרף נאָך אַרום איין אַרומ־געהן ווי נאָך אַ קליין קינד. ווער וועט אייך צוזעהן?

חוה זאָגט, אַז זי וועט מיך קיינמאָל ניט פערגעסען. און זי וויל מיך ניט פערגעסען, זי וויל ניט. מירע איז פון מיר ניט צופרידען. אָפט זיצט זי נעבען מיר, קושט מיין האַנד און בעט זיך:

— קראַן, קראַן, איך וויל ניט, דו זאָלסט זיין אַזוי. איך וויל דו זאָלסט זיין אַזאַ, ווי ווען איך האָב דיך דערקענט. אַ ליכטיגער, אַ ליכטיגער.

איך קוש איהר אין שטערן. איך זאָג איהר:

— מירע, אָבער איך ליעב דיך, איך ליעב דיך...

פאַרנאַכט. מירע איז ביי מיר געווען און איז שוין אַוועקגעגאַנגען. זי וועט ביינאַכט ניט קומען. זי גרייט זיך צו׳ם וועג. עס איז נאַכט גע־וואָרען. איך געפין זיך קיין אָרט ניט. איך געה אַרום אין גאַס. קום צוריק אין שטוב אַריין. געה ווידער אין גאַס אַרויס. איך געה אַרום אין גאַס אַליין. עס איז שוין שפעט. אין שטעדטעל שלאָפט מען שוין. עס איז שטיל. עס איז נאַכט.

נאַכט.

עס איז געוועזן אײנע פון די נעכט, ווען דיר דוכט, אַז פון דער טיעפעניש פון דער נאַכט רופט מען דיך. דו הערסט קײן קול, דו זעהסט קײנעם, אָבער מען רופט דיך.

ערױנערונגען שטעהען אויף פאַר דיר אָהן קײן שום פערבינדונג פון אײנס צו'ם צווײטען. עס שטעהען אויף פאַר דיר געשעהענישען, מענשען, וועלכע אויף דעם וועג פון דײן לעבען האָסטו בעגעגענט. אָבער יעדע געשעהעניש, יעדער מענש—פערגליווערט פאַר זיך. אויך ווערטער, געהערטע פון וועמען, אַלײן געזאָגטע ווען, הײנגען פערגליווערט פאַר דיר אין אויר. און וואָס דו זעהסט פאַר זיך און אַרום זיך—אַלץ הײנגט אין אויר פערגליווערט. אָהן קײן שום שײכות אײנס צו'ם אַנדערען. און אַזוי אַלײן ביזטו. פון אײן מענשען ביז'ן צווײטען איז אַזאַ שטומע, קאַלטע, פערגליווערטע וואַנד... אײביג געװען אַלײן און אײביג וועסטו זײן אַלײן... אַלײן...

נאַכט.

דאָס שטעדטעלע, די הײזער, דער וואַלד דאָרטען, נאָכ'ן שטעדטעל, די הימלען, די ווײסע ערד, יעדער—פערגליווערט פאַר זיך. און פרעמד איז אײנס דעם צווײטען. און פון דעם תהום פון דאָס אַלעס, רופט מען דיך:

— מענש!...

איך בין פון גאַס אַוועק. בין אין שטוב אַרײן. האָב זיך אין מײן שלאָף־צימער פערקליבען. איך האָב אָנגעצונדען עטליכע ליכט, אויפ'ן טיש אַוועקגעשטעלט זײ. איך האָב די נאַכט געוואָלט ליכטיג מאַכען ווי דעם טאָג. אָבער מיר האָט געדוכט, אַז די ווענד פון מײן צימער זײנען ניט בעהעפט אײנס מיט דעם צווײטען. יעדער בעזונדער.

נאַכט.

איך האָב זיך געשטעלט נעבען מײן בילד. האָב געקוקט אין איהם. געפרעגט פון זיך אַלײן, מײן וועזען, מײן צוקונפט. און מײן נשמה האָט אַרומגענומען אַ ווילען, אַ גרויסער, ווי דער לעבען אַלײן, רײן צו זײן. פיהלען זיך רײן, רײן ווי אַ קינד.

איך האָב הויך זיך אַלײן געפרעגט:

— פון וואָס רײן צו ווערען?... פון זינד?... פון זינד?... גאָט, ליכטיגער גאָט פון זומער, שרעקליכער, געהײמער גאָט פון די שטומע נעכט, ווײסער גאָט פון ווינטער, איך האָב קעגען דיר געזינדיגט?.. נײן... נײן... איך האָב געלעבט. יאָ. געלעבט... אָבער צוליעב לעבען בין איך דאָך בעשאַפען געוואָרען... איז דען דאָס לעבען אַ גרויס־געפלאַכ־

טענע געשעהעניש פון זינד?... גאָט צוליעב לעבען בין איך דאָך געבוירען...

און אַזאַ ווילען רײַן צו זײַן האָט מײַן נשמה געפּרעסט. גלײַך ווי די גאַנצע זינד פון צווישען הימעל און ערד, האָב איך אויף מײַנע פּלייצעם געטראָגען. און עס האָט מיך געשטופּט אויף די קניה זיך שטעלען... אויף די קניה פאַר אַ מוטער...

— מאַמע, מאַמע!...

נאַכט.

און פון דער טיעפעניש פון דער נאַכט רופט מען מיך:

— מענש!...

און עמיץ דערצעהלט מיר:

— מענש, דו ביזט אַ פערוואָגעלטע יונגע נשמה פון אַנ׳אַלטען, אַלטען, ווילדען מזרח־פאָלק. אין דײַן נשמה איז בעגראָבען אַנ׳אַלטער חלום, געבוירען אין אַ לאַנד, מיט אַ שטענדיג רײַנעם הימעל, אַ לאַנד פון ווילדע בערג און טאָלען, מיט אָפּענע, ווײַטע, הייסע, פײַער־הויסע האָריזאָנטען. אַ לאַנד פון חלומות. אין דײַן נשמה איז אַ ווילדער חלום בעגראָבען. אַ חלום פון אַ בית המקדש מיט קרבנות פאַר אַ גרויסען, מעכטיגען גאָט... און דײַן לעבען איז וואַנדערען... וואַנדערען צווישען פרעמדע פאַר דיר... פרעמדע, פרעמדע...

נאַכט.

און די געהיימע, שרעקליכע נאַכט דערצעהלט מיר:

— דײַן שטענדיגעם וואַנדערען צווישען פרעמדע האָט דיך געלערענט דאָס לעבען קאָנען. דו לאַכסט אָפּט פון אַלץ. דו לאַכסט פון ליעבע. אָבער אַליין ליעבסטו נאָך ווי אַנ׳אומשולדיג קינד. דײַן ליעבע ווערט נאָך געוועבט פון די פאַלדען פון אַ פרויען־קלייד. דו ליעבסט נאָך בײַ פרויען נאָר די אויגען, דעם בליק...

געשטאָרבען בײַ דיר דער גאָט פון דײַנע עלטערען... אָבער דו גלויבסט, דו גלויבסט... דו גלויבסט ווי אַ מענש פון אַמאָל, וואָס האָט גלויבען געקאָנט אין אַ בליץ, אין אַ שטיין פון אַ פעלד, אין אַ בוים פון אַ וואַלד... דו גלויבסט אין נסים... דו גלויבסט...

פוסט איז פאַר דיר דאָס וואָרט גליק. פוסט... שוין לאַנג אויסגעמעקט דאָס וואָרט פון דײַן שפּראַך... אָבער דו האָפסט ווי אַ קליין קינד... דו וואַרטסט אויף וואָס... דו וואַרטסט...

נאַכט.

און עמיץ רופט מיך:

— מענש!...

פערמאטערט, צעשלאָגען פרעג איך זיך אַליין:

— ווער בין איך?

די שרעקליכע, געהיימע נאַכט ענטפערט:

— דיין נשמה איז צו אַ שעהן, רייך, אידיש־הויז געגליכען; ריין, שעהן, פיין. מיט זיידענע דאָס מעבעל, מיט סאַמעט דער בריק און אויבען אויף דער טיר אַ שוואַרצער סימן: זכר לחורבן... זכר לחורבן...

נייע פּאַלאַצען, מעגליך, וועסטו נאָך בויען. אויף די הימלען, אין חלום. אָבער דער „זכר להורבן" וועט אויף זיי זיין שטעמפּל ליינגען... זכר לחורבן...

אין דיין נשמה איז אַ שוואַרצע חתימה דאָ... זכר להורבן... זכר לחורבן...

נאַכט.

איך בין צו'ם פענסטער צו. איך האָב מיין הייסען שטערן צוגעשפּאַרט צו דער קאַלטער שויב. עמיץ האָט זיך אַ ריר געטון נעבען פענסטער. ווער איז דאָרט? אַ נאַכט־געשעהעניש? מירע שטעהט ביי מיין ווייסען בוים, נעבען פענסטער און קלאַפּט אין שויב.

זי איז אין שטוב אַריין. אין מיין צימער געקומען.

— קראַן, איך האָב ניט געקאָנט שלאָפען. איך בין געוועזען אומרוהיג. מיך האָט צו דיר געצויגען. וואָס איז מיט דיר?

איך האָב זי אַוועקגעזעצט נעבען מיר.

— ניין, קראַן, ניין. איך וועל זיך זעצען אויף דער ערד, נעבען דיינע פיס. אָט אַזוי.

זי האָט זיך געזעצט נעבען מיינע פיס, האָט איהר קאָפּ אין מיין שויס בעהאַלטען.

מיר שווייגען.

— קראַן!

— וואָס?

— איך בין געוועזען אַזוי אומרוהיג... איצט איז מיר גוט... אַזוי גוט...

שטיל איז אין צימער.

נאַכט.

— קראַן!

— וואָס?

— דו האָסט מיך ליעב?

— יאָ.

— קראַן, קראַן, איך האָב שעהנע האָר. דו זעהסט? שעהנע,

שוואַרצע. וועל איך אין זיי רויטע בלומען פלעכטען. פאַר דיר, צוליעב דיר... אין מיינע שוואַרצע האָר וועל איך רויטע בלומען פלעכטען...

שטיל. נאַכט.

— קראָן!

— וואָס?

— דו ליעבסט מיך?

— יאָ. נאָר...

מירע האָט זיך שנעל אויפגעהויבען. האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגען מיר. אין איהרע אויגען האָט אַ שרעק געברענט. איהר צאָפּ איז זיך צעפאַלען אויף איהר ציטערדיגען קערפער.

— וואָס?... וואָס?... קראָן!...

מיין קאָפּ איז אויף איהר ברוסט געפאַלען. מיין שטימע האָט געציטערט:

— מירע, מירע, ליכטיגע, איך ליעב דיך, איך ליעב דיך. אָבער ווען וועל איך זיך געפינען?... ווער בין איך?... ווער בין איך?!...

שטיל...

נאַכט.

## XIII

און נאָך אַ נאַכט איז געווען. איז עס אויפ'ן וואָהר געווען? האָט עס מיר גע'חלומ'ט?

און נאָך אַ נאַכט איז געווען. אַ גרויסע, אַ פינסטערע נאַכט. איך בין אין אַ וואַלד געלעגען. אַ גרויסער, אַ פינסטערער, ווי די נאַכט אַליין. מיין קאָפּ האָב איך ביי אַ האַרטען בוים אָנגעשפּאַרט. און האָב אין דער טיעפעניש פון דער נאַכט געקוקט. האָב איך אין דער פינסטערער שטומער נאַכט מיין גליק געזוכט? האָב איך נאָך רוה, נאָך דער שטילער, זיסער רוה, געדורשט? — איך בין געלעגען און געבענקט. מיין נשמה האָט געבענקט.

און אַ ווינד האָט אויף מיר אַ בלאָז געטון. אַ שטילער, אַ ווייכער, אַ ציהענדער צו זיך. גלייך, ווי די צאַרטסטע פאַרבען פון דעם בלייכען, ווייסען פריהמאָרגען האָבען אַנ'אָטעם געטון צו מיר. גלייך, ווי יונגע, ווייסע ליליען, אײדער די זון האָט זיי נאָך מיט איהרע שטראַלען בעגאָסען, האָבען מיר אַ בלייכען, אַ ווייסען, פרישען געריס געשיקט. גלייך, ווי אַ בלייכע, צאַרטע פרוי, מיט אויגען פערקלערט צו'ם הימעל, הענד

ווייסע, לאַנגע, צאַרטע, מיט אַ תפלה פערשפרייט, האָט מיר איהר סוד דערצעהלט. און דער ווינד האָט אַזוי וועך מיין קאָפּ געגלעט, און מיין האַרץ צו זיך גערופען.

נאָך דעם ווינד האָב איך אַ שאָרך צווישען די ביימער דערהערט. איך האָב מיינע אויגען ברייט געעפענט און האָב דערזעהן אַ געשטאַלט דערנעהענטערט זיך צו מיר. אין אַ סאַמעט־שוואַרצען שלייער איז דאָס געשטאַלט געווען איינגעהילט. און ווען די עקען פון דעם שוואַרצען שלייער האָבען ביז מיר דערגרייכט, האָט זיך דאָס געשטאַלט אָפּגע־שטעלט.

איך האָב זיך פון מיין ליגען אויפגעהויבען. דאָס געשטאַלט איז געשטאַנען קעגען מיר אונבעוועגליך. עס איז געווען דורך פערהילט אין שלייער. ניט קיין פּנים, ניט קיין שטריכען פון קערפּער. דורך איינגע־הילט אין שלייער און שוואַרץ ווי די נאַכט. איך האָב געפרעגט:

— ווער ביזטו?

שטיל, רוהיג, אָבער פעסט האָט דאָס געשטאַלט געענטפערט:

— דיין בענקשאַפט. איך בין דיין בענקשאַפט.

בין איך אויף די קניה געפאַלען. האָב די עקען פון דעם שוואַר־צען שלייער געקושט, האָב געוויינט פאַר גליק:

— מיין בענקשאַפט, מיין בענקשאַפט. געקומען צו מיר. מיין האַרץ איז מיט דיר דורכגעדרונגען, מיין נשמה צעוועהטיגט, מיין גליק פערביטערט. איך בין מיט דיר, דו ביזט אין מיר. איך האָב אַזוי גע־בענקט נאָך דיר. דו ביזט צו מיר געקומען. איך וועל דיין פּנים זעהן. איך וועל דיין אָטעם פילען. מיין בענקשאַפט, מיין בענקשאַפט. ווי די שוואַרצע נעכט אין דער איביגער ליבטיגקייט געפלאָכטען, ביזטו אין מיין לעבען פערשפרייט. ווי אַ שלאַנג אַרום אַ בוים פערדרעהט, האָסטו מיין נשמה פערנומען. מיין בענקשאַפט, איך וויל דיך קענען, איך וויל דיך זעהן.

דאָס געשטאַלט איז געשטאַנען שטום און אונבעוועגליך.

איך האָב געבעטען:

— מיין בענקשאַפט, נעם דעם שלייער פון דיין פּנים אַראָב. איך וויל דיין פּנים זעהן. איך וויל דעם סוד פון דיינע אויגען קענען.

דאָס געשטאַלט איז געשטאַנען שטום און אונבעוועגליך.

— צוליעב דיר האָב איך דעם גאָט פון מיינע עלטערען געלעס־טערט. בין פון טאַטען און מאַמען אַוועק, פון ברידער און שוועסטער. און בין אין דעם שוואַרצען וואַלד געקומען. בעוויַיז מיר דיין פּנים.

דאָס געשטאַלט איז געשטאַנען אונבעוועגליך.

איך האָב זיך פון מיינע קניה אויפגעהויבען. איך האָב געפרעגט:

— ווער ביזטו?

— איך בין דיין בענקשאַפט.

— ווילסטו מיר דיין פנים ווייזען?

דאָס געשטאַלט האָט געזאָגט זיכער און פעסט:

— ניין.

— אין אַ שוואַרצען שלייער בין איך צו דיר געקומען. מיין פנים ווילסטו ניט זעהן, מיינע אויגען ווילסטו ניט קענען.

אַ הייסער צאָרן האָט מיין האַרץ פערנומען. ביז בלוט האָב איך מיינע ליפּען געביסען. איך האָב געשאָלטען:

— פערפלוכט זאָלסטו ווערען!...

דאָס געשטאַלט האָט רוהיג געזאָגט:

— מענש, ניט שילט דיין בענקשאַפט, ניט שילט דיין וועזען, ניט שילט דיין זין.

מיין צאָרן האָט געפלאַקערט אין מיר:

— איך וועל דיך פון זיך פערטרייבען.

דאָס געשטאַלט האָט רוהיג, זיכער געזאָגט:

— קיינמאָל...

— איך וועל אין מדבריות לויפען. איך וועל אין עק־וועלט אַנט־רונען ווערען.

— מיט מיר צוזאַמען.

— איך וועל פון דיר פערבאָרגען ווערען. אַ געליבטע האָב איך. וועל איך מיין קאָפּ אין איהר ברוסט פערטולען...

— דער ווינד פון מיינע פליגעל וועט דאַן אויף דיין קאָפּ בלאָ־זען.

— אָבער איך ווייס, ווי פון דאָס לעבען אוועק. איך וועל מיין אייגענעם גאָט לעסטערען. איך וועל דעם וויסען, קאַלטען טויט פאַר דער צייט צו זיך רופען...

— ביי דיין גוסס־בעטעל וועל איך דאַן שטעהן.

— און ווען מיין נשמה וועט אין אַ צווייטער אייביגקייט שוועבען, וועל איך דאַן פריי ווערען פון דיין שוואַרצען טרויער?...

— איין אייביגקייט איז דאָ... מיט דיר וועל איך לעבען, מיט דיר וועל איך שטאַרבען. מיט דיר תחית המתים אויפשטעהן...

איך האָב זיך ווידער אויף די קניה געוואָרפען. האָב געקושט די עקען פון דעם שוואַרצען שלייער, האָב געוויינט, האָב מתפלל געווען:

— מײַן בײַנקשאַפט, מײַן בײַנקשאַפט, בעװײַז מיר דײַן פּנים...,
בעװײַז מיר דײַן פּנים...

דאָס געשטאַלט האָט שטיל, רוהיג און זיכער געזאָגט:

— קײנמאָל. קײנמאָל...

איך האָב זיך פון מײַן קניהען װידער אױפגעהױבען. בין געלאָפען פאָראױס, אין דעם שװאַרצען, פינסטערען װאַלד. געלאָפען, ניט געװאוסט װאוהין, ניט געװאוסט נאָך װאָס. בין אין גריבער געפאַלען, זיך אױפגעהױבען און װידער געלאָפען. האָב זיך אָן בײמער געשטױסען. זיך בעפרײַט און װײַטער געלאָפען.

און דאָס געשטאַלט איז אַלץ געשטאַנען פאַר מיר, פאָראױס. און האָט שטיל, רוהיג און זיכער געזאָגט:

— קײנמאָל... קײנמאָל... קײנמאָל!...



דוד איינהארן.

# צווישען צוויי גאסען.

אויס די שריפטען פונ׳ם לעצטען אידען.

## I

זאל מיר גאט מוחל זיין.

איין טאג האב איך געפעלשט אין זיין אויסדערוועהלט פאלק. אויף איין טאג האב איך געוואלט פון זיך אנטלויפען און בין אין דער גוי׳אישער גאס אוועק.

און בעקומען מיין שטראף...

און שולדיג איז אין דעם געווען איין איינציגער שטראל, איין גאלדען־שטראל, וואס האט זיך מיט׳ן בעגינען דורכגע׳גנב׳עט דורך א גאנצען לאבירינט פון דעכער און דעכלעך, קוימענס און רורעס; דורכ־רינענדיג אין א גאלדען טייכעל פון שטויב, דורך שפאלטען פון בוידעמער און קעמערלעך, האט ער געטראפען דאס פענסטער׳ל פון מיין סאלקע און פון איהם מיר גלייך אויפ׳ן ברעם, אויפוועקענדיג מיך.

א פאר מינוט נאכאנאנד האבען זיך מיר נאך גע׳חלומ׳ט פעלדער און וועלדער, סעדער און בליהענדע לאנקעס, אט ליעג איך מיר אויף א ווייכען גראז, אונטער׳ן שאטען פון א געדיכטען דעמב. ערגיץ פון די צווייגען פאלט א שטראל, גיסט אויס אויפ׳ן גראז א גאלדען כשוף־רענדעל, וואס בעוועגט זיך היין און הער, ביז ער פאלט ארויף גלייך מיר אויפ׳ן ברעם, און עס ווערט אזוי מאדנע היימליך ווארים און רוהיג.

עֶטלִיכֶע פֿאַסמוּרבּער־פֿײַפֿלעך פֿײַפֿען עֶפּיס אַ בּעקאַנטען יום־טובֿ׳דיגען ניגון: מײדלעך אין ווײַסען טאַנצען, וויגען זיך אין די שאָטענס פֿון די בּײמער, וואָס קענען איבּער מיר, און אַלע אַזעלכע בּעקאַנטע, אַזעלכע פֿרײַנדליכע פּנים׳ער, אַזעלכע נאָהענטע שטריכען, גלײַך ווי איך וואָלט מיט זײ מײַן גאַנצע יוגענד פֿערבּראַכט.

איך וויל זיך אויפֿהויבּען, אַ ריהר טון זיך, נאָר עמיצער האַלט מיך: אַ ווײַסע, רוהיגע בּאָרד גליטשט זיך אויף מײַן געזיכט. אָט זעה איך דען, ווי ער שטעהט אײַנגעבּויגען איבּער מיר אין אַ טלית פֿערהילט;

אַ טשאַלמע אויפֿ׳ן קאָפּ; אָט הער איך זײַן שטילען קול, ווי ער רעדט: ליעג, נאַרעלע, רוה זיך אויס, מיר זײַנען דאָך שוין אין ארץ־ישראל, אָט דאָרטען, זעהסט איז שולמית, צביה, מרים — אַלע פֿון אונזער דאָרף, בּאַלד דאַרף דאָ אַ גרויסער חכם פֿון ירושלים דורכפֿאָהרען, — פֿלעכטען זײ פֿאַר איהם קרענץ.

אַ היסטערישער ציטער פֿון שמחה דריקט אויף מײַן אָטעם. איך רײַס אויף די בּרעם און...

זאָל מיר גאָט מוחל זײַן.

אויסגעפּאַרבּטע ווענד קוקען מיט אַ פֿרעמדקײט פֿון אַנ׳אכסניה אויף מיר, אַ טיש, אַנ׳אַלמער מיט ווילד־פֿרעמדע בּיכער און עטליכע שטולען, און אויף אַלץ ליעגט אויסגעגאָסען אַ שײַן פֿון אַ פֿריהלינגס־טאָג אַ מין אָבּגלאַנץ פֿון יענע גרויסע ליכט, וואָס איך האָבּ געזעהן אין חלום

אַ גאַסט פֿון מײַן מיניאָנען־לאַנד, אַ גאַסט פֿון מײַן טרוימען־פֿאָטער־לאַנד איז הײַנט געקומען, אַ שטראַל פֿון דער ליכט, וואָס פֿלעגט שטראָמענווײַז אַרײַנפֿליסען צו מײַן זײדען אין שטובּ.

איך שטרײַנג אָן אַלע מײַנע קרעפֿטען צו דערמאָנען זיך יענע נאָהענט־ווײַטע, יענע אָפּטע געסט פֿון דעם אונבּעקאַנטען פֿאָטערלאַנד, וואָס פֿלעגט מיך מאַכען פֿאַר אַ בּרודער פֿון יעדען שטראַל, פֿאַר אַ לײַבּליכען קרובֿ פֿון יעדען גרעזעלע? וואו איז עס דאָס כּשוף־פֿענסטער׳ל, דורך וועלכען איך פֿלעג אַלע נאַכט שליסען בּרודערשאַפֿט מיט די ווײַטסטע שטערען?

אַ ווײַס־אויסגעקאַלכטע שטובּ מיט קלײנע, נאָר ליכטיגע פֿענסטער, אַ גרויסער דעמבּענער טיש מיט פֿליגלען אין מיטען, אַרומגערינגעלט מיט ווײכע פֿאָטער־שטולען, אַנ׳אַלטע גרויסע זאָפֿע, וואָס איז געשטאַנען בּרײטליך ווי אַנ׳אַלטע רײַכע מומע צוגעשפּאַרט צו דער וואַנד. אין אַ ווינקעל — אַ גרויסער „סעקרעטאַר“ מיט שופֿלאָדען געהײמע אָהן אַ צאָהל, וואו איך פֿלעג אַלס קינד בּעהאַלטען שטײנדלעך מיט ליכטלעך, זײ זאָ־

לען זיך דאָרטען פֿער׳כּשופֿ׳ן, גלויבענדיג, אַז אין אַזאַ אָבגרונד פֿון געהיימע שופֿלאָדלעך און קעסטעלעך מוז געוויס וואוינען ערגיץ בעהאַלטען אַ שד.

פֿון באַלקען האָט זיך אַראָבגעלאָזען אַ מעשענער אַכט-רעריגער לײַכטער מיט פֿײגעלעך. נאָהענט אין מערב-זײַט, נעבען אַ שאַפֿע מיט ספרים און זילבער-וואַרג, האָט געקלאַפּט אַ זײגער, וואָס פֿלעגט שלאָגען שטענדיג אויף צוועלף — אײנס. און אין מזרח-זײַט, וואו די פֿענסטער האָבען אַרויסגעקוקט אויף אַ גרויסען, לאַנגען גאָרטען, וואָס האָט זיך געצויגען ביז׳ן טײַך, איז געהאַנגען אַן׳אויסגענײטער „מזרח“, וואָס האָט פֿאָרגעשטעלט אַ רויטע וואַנד פֿון ציגעל און איבער איהר פֿיער הויכע גרויסע ביימער; און אַ זײַט פֿון דער וואַנד — עטליכע געבײַדעס מיט קײַלעכדיגע קופּאָלען. דאָס איז געווען דער כּותל מערבי, וועגען וועלכען די מאַמע, זיצענדיג אַלע שבת-פֿאַר-נאַכט אויף דער זאָפֿע און היטענדיג אין פֿענסטער די ערשטע דרײַ שטערען, פֿלעגט מיר דערצעהלען וואונדערליכע לעגענדען פֿון אַ לאַנד, וואו שטענדיג איז זומער, וואו אַ גאַנץ יאָהר בליהען די ביימער, וואוהין אַלע פֿייגעלעך לויפֿען אַוועק אין הערבסט-צײַט, — אָט די פֿייגעלעך, וואָס האָבען אַמאָל וואַסער געבראַכט דעם בית-המקדש צו לעשען, בשעת ער האָט געברענט, און פֿון וועלכען עס איז איבערגעבליבען אָט די וואַנד. דאָס לאַנד, פֿון וואַנען די זון געהט-אויף אַלע פֿריהמאָרגען און די שטערען אַלע פֿאַרנאַכט. דאָס לאַנד, פֿון וואַנען אַלע וואַרימע שמעקענדיגע פֿריהלינגס-ווינדטעלעך בלאָזען.

שעה׳ן-לאַנג פֿלעג איך זיצען אין פֿענסטער און קוקען אַראָב צו׳ם טײַך, פֿאַנטאַזירענדיג, אַז בשעת איך וועל ווערען אַ גרויסער, וועל איך זיך אויסבויען אַ שיפֿעל, אַוועקלאָזען זיך מיט איהם אויפֿ׳ן טײַכעל, פֿון טײַכעל אויפֿ׳ן ניעמאַן און פֿון ניעמאַן — גלײַך אין ים, וועלכער וועט מיך שוין ברײַנגען קײַן ארץ ישראל.

קײַן זאַך איז מיר נישט פֿרעמד געווען.

אַלץ אין דער נאַטור זײַנען געווען מײַנע שכנים און בעקאַנטע געסט פֿון יענעם גוטען פֿאָטער-לאַנד, וואו עס איז אַזוי גוט, פֿון וואַנען שלעכטע מענשען האָבען אונז אַרויסגעטריבען, און וואוהין אַ גרויסער העלד וועט אונז פֿיהרען צוריק.

אין דער-פֿריה פֿלעגט מיך אויפֿוועקען דאָס צוויטשערן פֿון די פֿויגעלעך צוזאַמען מיט אַ שטיל-פֿערבײַנקטען נגון, וואָס פֿלעגט זיך ציהען

צו מיר פון צוויַיטען צימער, וואו דער טאַטע האָט תהלים געזאָגט אָדער גמרא געלערנט.

און אין די ליכטיגע לבנה־נעכט פלעג איך שעה'ן־לאַנג ליגען אין מיַין בעט'ל און קוקען אויף די פיער־קאַנטיגע ליכטיגע פלעקען, וואָס די לבנה פלעגט אויסמאָלען דורכ'ן פענסטער אויף דער פאָדלאָגע פאַר מיַין בעט'ל, קוקען און טראַכטען: אַז אין שוהל, אין דער גרויסער פינסטע־רער שוהל קוקט זי איצט געוויס אַריַין, אָט די זעלבע לבנה, און בעלויכט די מתים, וואָס דאַוונען דאָרט. און ערגיץ־וויַיט, אין יענעם לאַנד, וואו מיַין זיידע איז אַוועקגעפאָהרען שטאַרבען, מוז איצט זיַין אַזוי ליכטיג פון דער לבנה, אַזוי שטיל אויף דעם ברייטען זאַמדיגען וועג קיין אפרת, וואו עס שטעהט איצט די מוטער רחל איבער איהר קבר מיט צעשפריַיטע הענד צו'ם הימעל און בעט בײַ גאָט פאַר איהרע קינדער.

אַ חבר'טע איז זי געווען מיַינע, די לבנה. דאָס, וואָס די מאַמע און דער טאַטע און דער רבי אין חדר האָבען נישט געענדיגט דערצעה־לען, דאָס פלעגט זי פערענדיגען:

דאָס איז דאָך מיַין מיניאָנען־לאַנד,
וואו איך פלעג אין מיַין יוגענד
בײַ יעדען שטראַל אַ ברודער זיַין,
בײַ יעדער בלום אַ קרוב.

דערגרייכט דעם הימעל מיט'ן האַנד,
געשמועסט מיט די שטערען
און אין די שטילע פרילינגס־נעכט
פלעג איך דעם וועלט־גאַנג הערען.

די שפּראַך פון יעדען גרעזעלע
האָב איך דאַן גוט פערשטאַנען,
דעם וועג פון יעדען ווינד געוואוסט,
וואוהין ער געהט, פון וואַנען.

געהאַט האָט דאַן פאַר מיר אַ זין
דאָס אַלץ, וואָס האָט קיין ענדע;
דער סוד פון בלום, דער הימעל־רוים
געווען איז איין לעגענדע.

דאָס איז דאָך מײַן מיניאָנען־לאַנד,
דעם זיידענ׳ס שטוב די קליינע,
געוויזען האָט דאָס פענסטער׳ל
מיר דאַן אַ וועלט אַ שעהנע.

מיר איז בעקאַנט געוועזען אַלץ,
קיין זאַך נישט פרעמד פון ווײַטען,
דער שעפער פון דער גאַנצער וועלט
פלעגט פאַר מײַן פענסטער רײַטען.

דער גאָלדענער אָבגלאַנץ ציטערט און שימערט אויף דער וואָכיגקייט פון מײַן צימער, גלעט, בערוהיגט מײַן צעטומעלטע נשמה, עס שײַנט נאָך אויף מײַן קישען דער איין־איינציגער פערבלאָנדזעטער שטראַל, דער גאַסט פון יענער וועלט. און פאַר מיר גערהט־אויף דער „איך", דער פערלאָרענער „איך" פון מײַן זיידענ׳ס שטוב. דען איך, וואָס האָט צו יעדער זאַך אין דער נאַטור דאַן געהאַט אַ קאָנקרעטע בעציהונג, יעדע זאַך האָט מיר עפּיס געזוזט ברײַנגען, האָט עפּיס געמוזט בעדײַטען — דאָרט איז נישט געווען די קאַלטע, גלײַכגילטיגע בעציהונג פון דעם נײַעם יודען צו אַלץ, וואָס רינגעלט איהם אַרום. ניין, בײַ׳ם זיידען אין שטוב האָט מען ניט פערשטאַנען, וואָס הייסט: הײַנט דאָ, מאָרגען דאָרט. בײַ׳ם זיידען אין שטוב האָט מען אויף קיין שום זאַך ניט געקוקט גלאַט אַזוי, די צײַט צו פערטרײַבען אָדער בעקוועמער זיך צו מאַכען. בײַ׳ם זיידען אין שטוב האָט מען נאָך נישט געוואוסט פון צו טיילען גאָט׳ס וועלט אויף זאַכען מיט אַ תכלית און אָהן אַ תכלית, אַלץ איז געווען אַ תכלית, אַלץ האָט געהאַט שייכות צו דיר, צו די סאַמע הייליגסטע, וואָס אין דיר, און דעריבער פלעגט מען זיך דאָרט מעהר פערטיפען אין די וועלט־פּראָבלעמען; עס האָבען מעהר אינטערעסירט די סודות פון לעבען, פון טויט און פון געטליכקייט, ווײַל בײַ׳ם זיידען אין שטוב איז אַ פּערספּעקטיוו געווען צו דער אַלוועלטליכער פּאַנאָראַמע, אַ פּערספּעקטיוו, אָהן וועלכער מען קאָן צו קיין שום בילד ניט צוגעהן, אָט די נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוו, וואָס פעהלט דעם הײַנטיגען יודען, דעם אומגליקליכען עסקימאָס אויף דעם קאָסמאָפּאָליטישען אײַז־מעער, — עס פעהלט איהם דער נאַציאָנאַלער „איך" און דעריבער איז פאַר איהם פערמאַכט די טיר, וואָס פיהרט צו גאָט, און דאָס פענסטער, דורך וועלכען מען קאָן קוקען אין דער אייביגקייט.

ווײַל פערשטעהן און בעגרײַפען די נאַטור קאָן מען נאָר דורך ליעבע, און ליעבען קאָן מען נאָר דאָס, וואָס איז אויסגעוואַקסען מיט דיר פון וויעג אָן.

און דעם הײַנטיגען יודען פעהלט דאָס — עס פעהלט איהם ליעבע. עס פעהלט איהם די קראַפט, וואָס מאַכט הײמליך די נאַטור.

זונען-גאָלד און הימעל-זײַדענס,
סאַמעט-גראָז אין וואַלד-געצעלטען,
וואו אַ בוים — אַ הײמליך ווינקעל,
פול מיט גלאַנץ פון טויזענד וועלטען—

נײן, מײַן מזל ווײַבט פון רוהע,
ווײסט נאָר שטעדט פון שטײן און אײַזען,—
זומער-נעבט אויף פעלדער תבואה
קאָן שוין מיר מײַן טרוים ניט ווײַזען.

בלאָס איז אַלץ — די ערד, דער הימעל,
אַלץ אָהן ענדע, אַלץ אָהן בּרעגען;
ווער איך מיעד, דאַן קומט דער דרימעל
און פערוויגט אויף ווײַטע וועגען.

עס ווערט דונקעלער אין צימער.

און בילדער אָהן אַ צאָל פון דער גרויסער וועלט-פּאַנאָראַמע ציהען זיך אײנס נאָך דעם צווייטען, פול פאַרבען; אײביגקײט און געזאַנג ער-שײַנען און געהען אַוועק. נישט דאָ איז די אַטמאָספערע, וואו זײ בלײַבען, נישט דאָ איז דער ווינקעל, וואו זײ גיסען זיך צונויף אין אײן וועלט. דאָ איז אַ ווינקעל פון דער נײַער אידישער גאַס, דאָ וועהט די פּוסטקײט פונ׳ם יודישען אינטעליגענט, וואו מען קלאָגט ניט אויפ׳ן חורבן און מען האָפט נישט אויף אַ גאולה.

דאָס איז דאָס פערשאָלטענעס, אונפרוכטבאַרעס אינזעל, פאַר וועל-כען עס שווימען אונענדליך פאַרבײ מיראַזשען פון גליקליכע, בליהענדע לענדער, אָבשפּיגלונגען פון שענסטע בערג און גרינסטע טאָלען, נאָר קײן אײן מיראַזש וויל ניט פערקערפּערט ווערען אויף דעם, מיט שטײנער פער-וואָרפענעם און מיט זאַלץ פערזײַטען, אינזעל. דאָס איז אַזאַ וויסטעניש־

פון וועלכער עס אַנטלויפט אַפילו דער שטן, דער קעניג פון אַלע מדבריות.

— — — — — — — — — — — — — —

פלוציִם איז געוואָרען פינסטער אין מיין צימער. דער שטראַל, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּיס אָדער דערשראָקען זיך, איז צוריק פערשוואונדען דורכ׳ן פענסטער אויף דער גאַס. און פול מיט אַ שרעק, אַ שרעק פון אַ קליין קינד, וואָס פערבלייבט אַליין אין אַ פוסטער פינסטערער געביידע, טו איך זיך אָן און לויף אַרויס פון מיין איינגער סאַלקע.

— — — — — — — — — — — — — —

II

אַרויסגעשטויסען פון שרעק און איינזאַמקייט האָב איך זיך אין דער אידישער גאַס געוואָרפען זוכען, זוכען דעם שטראַל, דאָס ליכט פון זיידענם שטוב.

אַ פערטומפּטער, פערשטיקטער רויש, אַ רויש אָהן אַ קלאַנג, אָהן אַ ריטם האָט מיך פערטויבט אין אַ מיש־מאַש פון אָבגעווילקטע פאַרבען, גלייכגילטיגע בלאַסע צורות האָבען מיעד געמאַכט מיין אויג. איך שטרייך זיך אָן צו כאַפּען דעם אַלט־בעקאַנטען נגון פון מיין גאַס, די גראָהע, נאָר איינגענאַרטיגע טרויער־פאַרבען פון איהרע קליידער, די פערבייינקטע פערטיפטע אין זיך געזיכטער, מיט דעם ווייכען טרויער־שמייכעל צווישען די ברעמען און דער איראָניע אין די ווינקלען פון מויל.

אומזיסט הער איך זיך־צו צו יעדערענס טריט, אומזיסט קוק איך זיך איין אין יעדענס געזיכט. פערלאָרען האָט די אידישע גאַס איהר ריטם, אָבגעווילקט זיינען איהרע פאַרבען.

אַנ׳איינגע, טונקעלע גאַס, אָנגעפילט מיט פערשידענע רירעווידיגע בעשעפעניש, ציהט זיך פאַר מיר אָהן אַ ברעג. דוכט זיך, אַז ס׳וועט גאָר קיין סוף נישט נעמען. וויפיעל איך וועל נישט לויפען, אַלץ וועלען בלייבען די זעלבע שמוציגע מויערן, אַלץ דער זעלביגער אַלטעגליכער רויש, און פון ביידע זייטען אַלץ די זעלביגע אונענדליכע רייהע פון קראָמען, קראָמען און קראָמען... און אין דער וואָכיגקייט פון דער גאַס זעה איך, ווי מיין שטראַל גליטשט זיך פון געזיכט צו געזיכט, פון אויג צו אויג, פאַלט צו און שפּרינגט אָב, גלייך ווי ער וואָלט אַ טעות האָבען. נישטאָ קיין איין יום־טוב׳דיג געזיכט, אויף וועלכען ער זאָל קאָנען רוהען, נישטאָ קיין איין אויפגעהויבען אויג צו׳ם הימעל, וואָס זאָל איהם איינזאַפּען.

אָט לויפט, איילט זיך אַנטקעגען אונז אַ גרופּע יונגע לייט, אָנגעטאָן ווי שילער, מיט ביכער אונטער די אָרעמס, אויסגעמאַטערטע, אויסגעצויגענע געזיכטער, אָנגעצונדענע פון פיבער אויגען, נערוועזע נישט קיין געמאָסטענע טריט. מיין שטראַל טוט אַ ציטער, גליטשט זיך דורך און פאַלט אויף דאָס בלאַסע געזיכט, שפּיגעלט זיך אין זיינע אויגען און זוכט... ער זוכט דאָרט דעם גרויסען אונרוהיגען יוגענד־שמערץ, דעם גלאַנץ פון אַ טיעפען גלויבען, פון יום־טוב'דיג־אידילישע בילדער, פון אַ גרויסער ליעבע צו אַלץ, וואָס העכער איז פון טאָג... נאָר איידער דער שטראַל האָט בעוויזען דאָס אויג צו בעלייכטען, בעווייזען זיך אין די טירען פון די קראָמען, מאַנסביל און ווייבער מיט פערזאָרגטע, נאָר זיס־שמייכלענדיגע פערקויפטע געזיכטער, און די יונגע לייט צעשיטען זיך יעדערער צו זיין שוועל.

צו איינער פון די קראָמען, וואָס האָט אַ ברייטערע טיר, און אַ ליכטיגערען פענסטער, זעה איך, ווי ס'דערנעהענטערט זיך דער אויסדערוועהלטער יונגער מאַן. אַנטקעגען איהם געהט אַרויס אַ פול, נידעריג איד'ל מיט אַ געשווירענער באָרד, האַלטענדיג די הענד אין די הויזען־קעשענעס, ווי ער וואָלט זיך דאָרט מיט זילבער־געלט געשפּיעלט — און פלוצים איז עפּיס וואונדערליכעס געשעהן, ביידע האָבען זיי זיך צונויפגעטראָפען—דער טאַטע מיט'ן זוהן און אָהן ווערטער זיך אָנגעקוקט, און ביידענס געזיכטער זיינען אין דעם מאָמענט געוואָרען אַזוי עהנליך איינעם אויפ'ן צווייטען, אַזוי וואָכעדיג־טעמפּ, דאָס דער שטראַל האָט איינזאַם, ווי פערשעמט, אָבגעטראָטען, קיין איין בליק האָבען זיי איהם נישט געשענקט, גלייך ווי זייער אויג וואָלט זיך שוין אָבגעוואוינט צו זעהן אַזעלכע שטראַלען. און אַ פערשעמטער אַ פערטריבענער האָט זיך מיין שטראַל גענומען טראָגען ווייטער, ווייטער צו'ם ברעג פון גאַס, שוועבענדיג פון איין געזיכט צו דעם צווייטען.

אָט הויבען זיך שוין אָן צו ווייזען שפּיצען פון גרינע בוימער, אַ ברייטערער פאַס הימעל. נאָך עטליכע טריט — און מיר זיינען ביי דער גרעניץ פון דער אידישער גאַס. דער טומעל ווערט שטילער, די טריט לאַנגזאַמער, זיכערער, און פון די זייטען גאַס הויבען זיך שוין אָן צו ווייזען די לעצטע פון דער אידישער גאַס.

פון אַ געסעל געהט אַרויס קעגען אונז אַ פולער איד מיט לאַנגזאַמע טריט. אַ געזונד, רויט געזיכט מיט אַ געלער באָרד. אויפ'ן קאָפּ אַ פוטערנעם שטריימעל, אַ האָרבאַטע נאָז קוקט אַרויס פון צווישען צוויי רויטע, פולע באַקען, און איבער'ן מויל שוועבט, אָנשטאָט אַן איראָניע, געמישט מיט אַ אויסגעליטענעם שמייכעל, אַ רוהיג־פרעכער אויסדריק, וואָס

צעשפרייט זיך איבער'ן גאנצען געזיכט און בעהאלט זיך אין די זאטע גאטס-פארכטיגע אויגען.

און, ווי דורך א כשוף, ווערט מיין שטראל צוגעצויגען צו איהם. עפּיס, דוכט זיך, איז נאך געבליבען אין דעם לעצטען. עפּיס נאהענטעס, בעקאנטעס קוקט ארויס דורך די פאלבען פון זיין לאנגער קאפאטע; אפשר האט זיך נאך אין דעם אידען בעהאלטען דאס, וואס מיר זוכען אזוי?!...
און אינגאנצען בעלויכטען מיט דעם שטראל פון זיידענס שטוב בלייבט פלוצים שטעהן פאר מיר איינער פון די לעצטע.

איך פיהל א האנד ליעגט אויף מיין פלייצע און א פארזיכטיג שטים גנב'ע זיך מיר אריין אין מיין אויער.

— שלום עליכם, יונגער מאן! וואס זוכט איהר עפּיס אזוי צעטראגען?

— א אידען זוך איך, רבי.

— עס פעהלט צו א מנין מסתּמא? אנ'אבל אודאי, זאגט, שעמט זיך ניט. יונגער מאן, וויפיעל אידען פעהלט אייך?

— איין איד, רבי, מעהר נישט ווי איין איד.

— נו טא וואס קלערט איהר? קוממ, זייט אזוי גוט, עס וועט אייך טייער נישט קאסטען.

— וואוהין?

— איהר זענט א סברא נישט קיין היגער, אנ'אורח געווים, אויב איהר דערקענט נישט דעם היגען מורה הוראה. אט דא נישט וויים וואוין איך, נעבען דעם אלטען בית המדרש, וואו עס האלטען זיך אויף די לעצטע צעהן דאוונער פון שטאדט. דא קענט איהר פאר א קליינינקייט קריגען פיעל אידען איהר בעדארפט צו א מנין. אפשר דארפט איהר א פרק משניות, אנ'אל-מלא-רחמים, א שטענדיגען קדיש, — שעמט זיך ניט, יונגער מיין, נישקשה, עוד לא אלמן ישראל.

א שווארצער שאטען בעדעקט פלוצים דעם לעצטען מורה הוראה.
איך טו א קוק — מיין שטראל פון זיידענס שטוב איז שוין וויים, וויים, ציהט זיך צו די גרינסען, וואס שימערירען דורכ'ן נעבעל פון פריה-מארגען, דארט ביים ברעג גאס, צו די ווייסע הייזלעך, וואס קוקען ארויס דורך זיי. און שטיל, אהן אווארט פערלאז איך דעם פערוואנדערטען מורה הוראה, און לויף וויטער ביז דער גרעניץ.

זוכענדיג א היים, זוכענדיג דעם זיידענס שטוב.

— — — — — — — — — — — — — — —

נאך איין טריט — און די גרינע שאטענס וועלען מיך דערשלינ-גען, נאר-וואס אויסגעוויקעלטע בלעטלעך פון יונגע בעראזעס וועלען מיך פערדעקען, און אויף דעם ארט, וואו פריהער איז מיין שאטען געפאלען,

וועט טאַנצען־דרעהען זיך אין אַ פרעהליכען טאַנץ אַ קופּקעלע פּאַר־בּיגע זומער־פייגעלעך.

און נישט ווילענדיג זיינען לאַנגזאַמער געוואָרען מיינע טריט, אָנ־געשטרענגטער מיין אויג, און וויט, וויט פון די הויכע אַלטע טאַנען, וואָס רינגלען אַרום דעם קלויסטער, האָט זיך מיר געטראָגען אַ שטילע פער־טרויערטע פרויען־שטים, וואָס האָט געזונגען:

יעדער מענש האָט דאָך אין הימעל זיין שטערן,
יעדען איז אונטען זיין ווינקעל בּעשערט...
פאַלען־צו שאָטענס — דאַן טרייסט איהם דער הימעל,
ציהען זיך וואָלקענס — פּערוויגט איהם די ערד.

גלאָנזעט ער, פרעגט ער דעם וועג בּיי די שטערען,
ווערט ער פּערמאַטערט — דאַן זוכט ער זיין וויג...
מעהר נישט דו איינער האָסט בּיידען פּערלאָרען,
בּיידע בּעשיצער פון מענשליכען גליק.

פרעג נישט די נאַכטיגע היטערס פון הימעל,
זוך נישט דיין רוה אין׳ם בּלעטערען־רויש.
אייביג וועט בּלייבּען דיין אויג אָהן אַ שטערן,
אייביג וועט בּלייבּען דיין קאָפּ אָהן אַ שויס...

— — — — — — — — — — — — — —

אַ ים פון ליכט האָט דעם וועג פּערפלייצט צו דער גוי׳אישער גאַס, אין וועלכען מיין שטראַל, דער עלענדער גאַסט, איז ווי פּערשוואונדען גע־וואָרען, און די לעצטע האָפנונג אַ אידען צו געפינען האָט אָנגעהויבּען אויסצולעשען זיך. קיין איין לעבּעדיגער מענש, קיין איין בּעוועגליכע פיגור. פון איין זייט לאַנגע ווייסע פּאַרקאַנעס פון אַלטען קלויסטער, פון דער צווייטער זייט אַ לאָנקע, פּערפּאַרבּט מיט געלע פּערבּלענדעניש־בּוימעלעך און דורכזיכטיגע בּלעזלעך, וואָס האָבּען פּאַר׳ן ווינד צווישען גראָז די קעפּלעך בּעהאַלטען.

נאָר פלוציים האָט מיך, אין מיטען פון מיין פּערצווייפלונג, עפּיס אָבּ־געהאַלטען. אַ הויכע, טונקעלע פיגור פון אַנ׳אַלטען אידען האָט זיך אויס־געמאָלט אויף דער ווייסקייט פון קלויסטער־פּאַרקאַן. אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען איז ער געשטאַנען מיט׳ן פּנים צו דער גאַס, וואָס איך האָבּ פער־

לאָזען; אַ לײַכטער װינד האָט זיך געשפּילט מיט די פּאָלעס פֿון זײַן קאַפּאָטע, װאָס זײַנען נאָס פֿון טױ געװען. די היטעל אַ ביסעל פֿעררוקט אױפ׳ן שטערן, אונטער װעלכען עס האָבען אַרױסגעקוקט צװײ שװאַרצע גרױסע אױגען מיט אױפגעהױבענע ברעמען. װײַט, װײַט האָבען די אױגען געקוקט איבער דער דאַרער אָדלער־נאָז מיט די שטרײַנגע צונױפגעדריקטע ליפּען, גלײַך װי זײ װאָלטען עפּיס ערװאַרטעט, אָדער עפּיס געהיט. און איבער זײַן גראָהען קאָפּ האָט זיך אַ שימער פֿון מײַן שטראַל צעשפּרײט. דער גלאַנץ פֿון זײדענס שטוב.

דער לעצטער איד, דער גרױסער איד!

מיט װאַקלענדיגע טריט האָב איך זיך דערנעהענטערט צו איהם, טיעף פֿערזינקענדיג מײַן בליק אין זײַנע אָפּענע אױגען, זוכענדיג דאָרט דעם סוד, װי אַ הײם צו בױען, װי דעם זײדענס שטוב צו בענײַען...

נאָר שטאַר, אָהן אַ בעװעגונג איז זײַן בליק געבליבען. — — — —

בלינד איז ער געװען — — —

— — — — — — — — — — — — — —

III

אַ גרינע שלאַנקע װאַנד פֿון טאַנען, געמישט מיט בעראָזעס, האָט פֿערשטעלט מײַן װעג. אַ הײמליכער פֿרילינגס־װינד האָט געװעהט און געװיעגט די יונגע, רירעװדיגע װײַסע צװײַגלעך פֿון די בעראָזעס מיט נאָר װאָס צונױפגעװיקעלטע בלעטלעך. פֿאָרזיכטיג האָבען זײ זיך געװיעגט, געהיט נישט אָנצורירען זיך אָן די ערנסטע שטעכיגע טאַנען, װאָס האָבען װי פֿאַר זיך גערױשט.

אַ צװיטשערן פֿון פֿײגעלעך און אַ פֿרײַעס פּלאַפּלען פֿון קינדער האָט אָנגעפּילט די לופֿט. פֿון צײַט צו צײַט איז צו מײַן אױער דערגאַנגען אַ קלאַנג פֿון רידלען, מיט װעלכע מען האָט פֿונאַנדער־געגראָבען די גערטלעך אַרום די הײַזער, אַ פֿרעהליך פֿױערש ליעדעל, אַ פֿרײַער קלאַפּ פֿון אַ טיר. אַ שטילעס אײביגעס לעבען האָט אַרױסגעקוקט פֿון די אָפּענע פֿענסטערלעך, דורך װעלכע הימעל־בלױקײט און זונען־גאָלד האָבען אַרײַנגעריגען אין װײַסע אױסגעקאַלכטע חדרים׳לעך. אָבגעצױגען פֿרײַער האָב איך דעם אָטעם, ריכטיג װי איך װאָלט זיך פֿון אַן׳אײנגען פֿערשטיקטען הױז אַרױסגעריסען אױפ׳ן פֿרײַען פֿעלד.

גלײַך אַנטקעגען מיר איז געשטאַנען אַ קלײן װײַס הײַזעל, אַרומגערינגעלט מיט אַ װאַנד פֿון הױכע שטאַמען, און צװישען די גרינע צװײַ=

גען, וועלכע האָבען, ווי אַ סוכּה, פערשטעלט דעם דאַך, האָט זיך געשלענגעלט פון קוימען אַ ווייסער בעגאָלדעטער רויך, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַ פריינדליכען גרוס צו'ם בלויען הימעל. אין דעם גערטעל פאַר'ן הייזעל זיינען שוין געווען אַלע בייטלעך צעגראָבען און אַרומגעלייגט מיט פערשידען-פאַרביגע שטיינדלעך, די וועגעלעך אויסגעשאָטען מיט זאַמד, און, ניט ווילענדיג האָב איך זיך דערמאָנט אָן פּסח און אָן דעם גלאַנציגען געשיר און פיעל-פאַרביגע כּוסות פון זיידענס שטוב.

די פענסטערלעך אינ'ם הייזעל זיינען געווען פריי-אָפען, קלאָרע, ווייסע פאָרהיינגלעך האָבען צניעות'דיג זיך געוויעגט פון פרילינגס-ווינטעל און געדריקט זיך צו די וואַזאָנעס, וואָס הינטער זיי. אין איינעם פון די פענסטערלעך, וויאו די זון האָט מעהרער אַריינגעשיינט, זיינען די פאָרהיינגלעך געווען אָבגעצויגען, און דורך זיי האָב איך דערזעהן אַ ברייטען היימליכען צימער, אַרומגעשטעלט מיט געשניצטע מעבעל אין פּוילישען סטיל, אויף די ווענד זיינען געווען דיוואַנען, בעהאַנגען מיט פערשידענע כּלי זין און בילדער. אין אַ ווינקעל איז צווישען טראָפּישע געוויקסען געהאַנגען אַ הייליג בילד, נאָהענט בּיי'ם פענסטער אַ ראָיאַל און נעבען איהם אַ יונגע שלאַנקע פרוי מיט אַ בלאַס אַריסטאָקראַטיש געזיכט. אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אויף איין האַנד איז זי געזעסען, קוקענדיג וויט-ווייט קעגען זיך, ריכטיג ווי זי וואָלט דורכ'ן פענסטער געפאָרשט דעם ברעג פון הימעל, און מיט דער צווייטער האַנד האָט זי פערטראַכט געפיהרט איבער די קלאַווישען. לאַנגזאַם האָבען געשוועבט איהרע לאַנגע געשניצטע פינגער איבער זיי, אויפוועקענדיג פאָרזיכטיג, פון צייט צו צייט אַ פערשלאָפענעם טאָן, וואָס האָט דורכגעשוואומען דעם צימער, אַרויס דורכ'ן פענסטער'ל, און זיך בעהעפט מיט דעם בוימערען-רויש און פויגעל-געזאַנג, וואָס אין דרויסען,—גלייך ווי דער נגון, וואָס האָט געקלינגען אין דער מיידעל'ס נשמה, איז געווען אַ טייל פון דער גאַנצער נאַטור וואָס אַרום. אַ ליעבע שטילקייט האָט אומעטום געהערשט. די פאָרטרעטען פון די ווענד, וואָס זיינען מיט בליהענדע ווערבעס געווען בעציהרט, האָבען ווי אויפגעהויבען העכער די ברעמען און מיט אַ מין נייגעריגקייט געשלינגען די שטילקייט.

פּלוצים האָט זיך די יונגע פרוי אויפגעהויבען פון ראָיאַל, איבערגעבראָכען די הענד איבער'ן קאָפּ און צוגעגאַנגען נאָהענט צו'ם פענסטער, און איך האָב דערזעהן צוויי גרויסע גראָהע אויגען, געוועבט פון זיידענס און פערדרוס, וואָס האָבען אַרויסגעקוקט אויף די בוימער, די הייזער און די פעלדער אַרום מיט אַזוי פיעל ליעבע און טרויער, אַז מיר איז אויסגעקומען, דאָס דער טרויעריגער, ווייכער גלאַנץ פון איהרע אויגען צעלייגט זיך אויף די בלויע הימלען אין דער גאַנצער נאַטור, און יעדעם גרעזעלע,

יעדעס בלעטעלע סוד׳עט איהר: „מיר זיינען מיט דיר צוזאמען אין גלות, מיר פיהלען צוזאמען דעם פיין, צוזאמען מיט דיר האבען מיר די קעפלעך געבויגען, ווען א פרעמדע פוס האט אויף אונז געטראטען, און צוזאמען מיט דיר האבען מיר געציטערט, ווען א פרעמדע האנד האט אונז פון בוים געריסען״. און דערמאנט האב איך זיך נישט ווילענדיג אן דער אמא־ליגער בלאסער פערטרויערטער אידישער טאכטער, די מלכה שבת ערב תשעה באב, די שכינה אין שווארצען. דער גרויסער פאלקס־טרויער, וועל־כער ווערט פערוואנדעלט אין א גוטער שוועסטער, אין א מאמען, וואס וויעגט מיט פערטרערטע אויגען דאס קינד נאך דעם, ווי איהר מאן איז געפאלען אין דער מלחמה מיט׳ן לעצטען נקמה־אויסגעשריי... די בלא־סע אידישע טאכטער, וואס האט זיך אויסגעלערנט נייהען תכריכים פאר די קדושים, האדעווען די קינדער פון די געהרג׳עטע אויף קדוש־השם, און מיט א רוהיגער שטים דערצעהלען די געשיכטען פון געשאכטענע, פער־ברענטע, פערפייניגטע מערטירער...

און דערמאנט האב איך זיך:

אן יענע טייערע, די זייד־געוועבטע,
די ווייסע העמדעלעך מיט בלוט בעפלעקט—
די שטילע מעשיות פון מיין בלאסער שוועסטער,
וואס האבען תמיד מיך פון שלאף געוועקט.

זיי פלעגען מחנות־וויז ארום מיין וויעגעל
בעוואכען שוועבענדיג, און שטיל געוויין...
און פאכענדיג מיט איהר פערבלוטיגט פליגעל
צוקאפענס פלעגט ביי מיר די שכינה שטעהן.

אין לאנגע ווינטער־נעכט, אין גרויסען שווייגען,
בשעת עס יאמערט נאר דער ווינד אין גאס,
אין נעכט פון פריהלינג, ווען די יונגע צווייגען
דערצעהלען, וויעגען זיך פון טויען נאס.

ווי זומער־פויגעלעך פון אלע פארבען
בעפאלען אוועגד־צייט ארום א ליכט
גע׳סוד׳עט האבען זיי: „ניט לאז אונז שטארבען״...
און שטיל געטולעט זיך צו מיין געזיכט.

דער שוועסטערס מעשה׳לעך, דער קלאַנג פון קלויסטער,
דאָס יאָהרצייַט־פלעמעל פון דער אַלטער שול,
די אַלע עדות פון מיליאָנען לעבענס,
מיט גײַסטער פלעגען זיי מיך מאַכען פול.

און בין־השמשות צייַט, ווען מתים וואַכען,
ווען קלײַנע קינדער הערען פרעמדע טריט,
און טירען נעמען זיך אַלײַן פערמאַכען,
בעהערשען פלעגען זיי דאַן מײַן געמיט — — —

פערבײַנקט האָב איך זיך נאָך דער אידישער טאָכטער, וואָס איז אין גלות שטיל, שטיל אויסגעגאַנגען. קײַנער האָט זי נישט געהיט, די טײַערע ווײַסע בלום, וואָס איז אויסגעוואָקסען פון דעם מערטירער־בלוט; קײַנער האָט ניט בעשיצט די ליליע פון אונזער פאָלקס־טרויער; איהרע לאַנגע שוואַרצע צעפּ האָט מען איהר אָבגעשניטען, אין שמוציגע קלײַדער אָנגעטון און אין קראָם אַוועקגעזעצט האַנדלען — אַ שפּיעל־צייַג פאַר פרעמדע בליקען... און טאָמער פלעגט קומען אַמאָל אַ פּריץ, וואָס האָט אָבגעשאַצט די פּראַכט פון די גרויסע טרויעריגע אויגען און געמאַכט קלאַפּען בײַ דעם מיידעל שטאַרקער דאָס האַרץ, דאַן פלעגט פון די אידישע גאַסען אַ טאָכטער פערפאַלען ווערען, און בײַ׳ם שונא איז צוגעקומען נאָך אַ געפאַנגענע פּרינצעסען... ווער ווייסט, אפשר וואַנדעלט נאָך ביז איצט אַרום די נשמה פון דער אידישער טאָכטער צווישען די בלאַסע פּוילישע פּרייען? אפשר שטעהט זי נאָך איצט אויף די קניה פאַר אַ הייליג בילד, בעגאָסען פון אַ מאַטען שײַן, און בײַנקט נאָך די קדושים. און בײַ אונז זײַנען געבליבען די, וואָס האָבען זיך צוגעפּאַסט צו דער קראָם און צו׳ם חשבון־בוך, די פּריקאַזשציצע און די קורץ־האָריגע קורסיסטין.

אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, ניט ווייַט פון פענסטער, בין איך געשטאַנען און געזוּיגען דעם צאַרטען טרויער פון איהרע אויגען און געזוכט דעם צאַנקענדיגען גלאַנץ פון אַ יאָהר־צייַט. נאָר פּלוצים האָב איך דערזעהן, ווי דורך די צווײַגען, וואָס אַנטקעגען פענסטער, גליטשט זיך דער שטראַל פון מײַן זיידענס שטוב, גליטשט זיך און פאַלט פון בלעטעל צו בלעטעל, לאָזט זיך אַראָב צו׳ם פענסטער און ווערט פערזונקען אין די טיעפע גראָהע אויגען פון דער פּוילישער מיידעל. און גלײַך נאָך דעם האָט זיך דאָס פאַרהײַנגעל פערצויגען און צוזאַמען מיט איהר געזיכט איז פערשוואונדען געוואָרען דער שטראַל — דער אײַנציגער פרײַנד, וואָס האָט מיך אַהער פערפיהרט.

## IV

איינזאם, פערלאזען בין איך ווידער געבליבען אין א פרעמדער גאס. אלץ איז מיר ארום פרעמד געווארען, גלייך ווי איך וואלט זיך אהער מיט א געליעבטער אריינגעקליבען און זי וואלט געשטארבען. די בוימער האבען אנגעהויבען אנדערש צו רוישען, די פענסטער פערמאכען זיך. צווישען די שטאכעטען פון א פלאנקען האב איך דערזעהן עטליכע פערוואונדערטע קינדערשע פנימ'לעך, וואס האבען געקוקט אויף מיר מיט נייגעריגקייט און אונצוטרוי. אין די הויפען האב איך דערהערט ווי הינד בילען. א יונג מיידעל מיט א קרוג וואסער האט מיך בעגעגענט אויפ'ן וועג און צוגע־ווארפען א בליק פול פעראכטונג... און דערפיהלט האב איך, אז באלד וועט די נאכט צופאלען, וואלקענס וועלען זיך אנציהען, אלע טירען וועלען זיך פערמאכען, אלע פענסטער אויסלעשען, און בלייבען וועל איך א פרעמדער, אין א פרעמדע גאס, נישט האבענדיג קיין איין טיר, וואו אנצוקלאפען און א רוה אויף דער נאכט בעטען.

די זון האט זיך אנגעהויבען לאנגזאם אראבלאזען, און פון אלע ווינקלען האבען זיך שאטענס גענומען ציהען, אונבעקאנטע שאטענס פון בעהאלטענע אונבעוואוסטע ווינקלען. א שרעק איז אויף מיר אנגעפאלען, און א מיעדער, א פערלאזענער, מיט לאנגזאמע טריט האב איך זיך ווײ־טער געלאזען ארויס פון שטאדט, אויף דעם וועג, וואס האט געפיהרט דורך צוויי רייהען טאפאלען צום ברעג טייך, וואו אויף א הויכען בארג זיינען געשטאנען פערבליבענע חורבות פון אנ'אלטען שלאס און נישט וויים פון איהם אנ'אלטער אידישער בית־עולם. דארטען, אויפ'ן בארג, האב איך געקלערט, וועל איך קאנען רוהען און בעפרייען זיך פון דער גרויסער שרעק, דער שרעק פאר בעוואוינטע ערטער...

די זון איז שוין געוועזען האלב פערזונקען, ווען איך האב זיך אויפ'ן בארג אויפגעהויבען. א רויטע שיין האט בעגאסען דאס גאנצע געגענד ארום, אויף דער שטאדט איז געלעגען אויסגעשפרייט א געדיכטער שטויב, וואס האט זיך געברוינט געגען די לעצטע שטראהלען, ווי א גראהע מטה־געוואנד פאר א ליכט. אויף די לאנקעס האט זיך גערויבערט א ווייסער נעבעל און די שפיצען פון די בוימער האבען אויסגעזעהן פון טאל ווי האלב־אויסגעלאשענע פאקעלען. פון קלויסטער, וואס איז געלעגען נא־הענט נעבען בארג האבען זיך געטראגען שטילע קלאנגען, און מיר איז אויסגעקומען, אז זיי ברומען צו מיר:

אַלע, אַלע ערטער האָבען מיר פערנומען,
אַלע וועגען האָבען מיר פערשטעלט פאַר דיר!
דו וועסט מוזען, ליעבער, דו וועסט מוזען קומען
ווי אַ וואַנדרער קלאַפּען שטיל אין אונזער טיר...

ווען דו וועסט פערלירען דאָרט דעם לעצטען ווינקעל
און קיין בליק וועט מעהר נישט גלעטען דיין געזיכט,
דאַן וועסטו אין אונזער פענסטער זעהן אַ פינקעל,
אין דיין קעליע וועט זיך אָנצינדען אַ ליכט...

קיינער, קיינער וועט ניט שטערען דיר דיין רוהע —
מעהר נישט — ווי די אַלטע בוימער רוישען דאָ,
דורכ'ן פענסטער וועסטו זעהן נאָר פעלדער־תבואה
און דעם אונבעגרענצטען טיעפען הימעלס־בלאָה.

דו וועסט אַלץ פערגעסען! דיינע טרוימען וועלען
פון דיין פאָלק דעם חורבן נישט בעווייזען מעהר.
אַ פערוועלקטע ליליע אין אַ כּוס מיט וואַסער
וועט, בשעת דיין תפלה, איינזאַפּען דיין טרער.

געצויגען און געשראָקען אינאיינעם האָבען מיך די קלאַנגען, וואָס זיינען געקומען צו מיר אָנגעזאַפּט מיט דער הײמליכער שטילקייט און אָווענד־סודות פון די בוימער, דורך וועלכע זיי זיינען געשוואומען אין דעם וואונדערליכען גלאַנץ פון דער לבנה, פון דעם טונקעלען אַלטען גלאָקטורם, וואו זיי ווערען געבוירען. עפּיס אונפערמיידליכעס און אונמעגליכעס צוזאַמען האָט זיך געפּיהלט אין זייער קלאַנג, עפּיס אַ זאַך, וואָס קאָן געשעהן און טאָר ניט געשעהן. און פול מיט וועהטאָג און שרעק האָב איך זיך געוואָרפען אויף דער ערד, פערגראָבען מיין פּנים אין דעם פייכטען גראָז און געוויינט. געוויינט מיט שטילע טרערען פון יאוש, טרערען וואָס רינען פאַר זיך, ווען דער צער געהט שוין איבער אַלע גרעניצען, און מעהר ווי אַ שרעקליכער רחמנות אויף זיך אַליין בלייבט ניט. לאַנג, לאַנג בין איך געלעגען, געוויינט און מתפלל געוועזן. און מיט מיר, דוכט זיך, איז נאָך עמיצער געוועזן — אַ גרעסערער פון מיר, אַ שפּעטיגערער איד, וואָס וועט נאָך אפשר זיין פערוואָגעלטער און איינזאַמער... און דורך די קלאַנגען האָב איך געהערט זיין תפלה:

אָ, גרויסער גאָט!
איך בעט דאָך אַזוי ווינציג.
ווי קליין עס איז און נישטיג מײַן בעגעהר:
אַ קבר גיעב מיר נאָר,
וואו איך זאָל רוהיג ליעגען
און פאַלען זאָל אויף איהם
מײַן אייגען קינדס אַ טרער,
און וויסען זאָל איך,
ווען איך וועל מײַן אויג פאַרמאַכען,
אַז אונטער יענעם בוים, וואָס וועט מײַן רוה בעשיצען,
וועט אין אַ זומער-טאָג אַנ׳אוראײניקעל זיצען
און לעזען שטיל פון מײַן מצבה-שטיין
דעם נוסח דאָרט, וואָס איז געקריצט אויף אידיש,
און לעזענדיג די ווערטער האָטש פערשטעהן...
ניין!
איך דאַרף נישט דײַנע הימלען,
אויב זײַן אַ שאָטען איז מיר דאָ בעשערט!
נעם-צו בײַ מיר די אייביגקייט פון אויבען
און שײַנק מיר דאָ אַ ווינקעל אויף דער ערד...
דאָס איז די ערגסטע שטראָף
צו שטאַרבען אויף די וועגען —
נישט וויסען, וועלכע פוס
וועט טרעטען אויפ׳ן אָרט,
וואו ליעגען וועט מײַן קאָפּ
און שוועבען מײַנע טרוימען,
און אָבקלינגען אין לופט
וועט שטיל מײַן לעצטעס וואָרט — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

בשעת איך האָב זיך אויפגעהויבען פון גראָז, איז שוין געווען נאַכט. די לבנה האָט בעגאָסען מיט אַ קאַלטער שײַן דעם באַרג, די חורבות, מיט זייערע צעפאַלענע אָבגעשיילטע ווענד, האַלב-צעשטערטע זײַלען און שפּי

ציגע גאָטישע פענסטער, וואו אַ געלער מאָך האָט זיך געוויגט. אַלץ אַרום האָט ווי אָבגעלעבט אונטער דעם בלאַסען אָבגלאַנץ. עפּיס האָט אָנגעהויבען אָטעמען אין די ווינקלען, וואו די שאָטענס זיינען געווען געדיכטער. פון ציַיט צו צייַט האָט זיך אַ שטיקעל ציגעל אַראָבגעגליטשט און מיט אַ געהיימניספולען קלאַפּ פערשוואונדען אין גראָז.

אונטען אין טאָל האָט זיך צעשפּרייט אַ נעבעל, ווי אַ וויַיסע רוהיגע אָזערע אַלץ פערדעקענדיג, און אויסער עטליכע הויכע געביידעס פון שטאָדט און דעם שימער פון טייַך האָט זיך קיין שום זאַך ניט אַרומגעזעהן.

שטיל האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, בעהאַלטענדיג דאָס פּנים אין די הענד און צוגעהערט זיך צו דער שטילקייט... פּלוצים האָט מייַן אויער פערנומען נישט וויַיט פון מיר טריט, גלייַך ווי צוויי מענשען וואָלטען אַרומגעגאַנגען און געשמועסט צווישען זיך. פאַרזיכטיג האָב איך צעשפּרייט די פינגער, אויפגעמאַכט די אויגען און דערזעהן פאַר זיך צווישען די חורבות צוויי מענשען — ביידע הויכע, פעסט-געבויטע. דער ערשטער איז געווען אַן'אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער וויַיסער באָרד, אַראָבגעלאָזענע געדיכטע ברעמען, אַ הויכער ערנסטער שטערן פון אַ געזעצגעבער, שוואַרצע גרויסע אויגען בעצויגען מיט אַ קאַלטען רוהיגען מעטאַלען-גלאַנץ. איינגעוויקעלט אין אַ לאַנגען טלית, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט זיין גאַנצען קערפּער און אַראָבגעפאַלען אין ברייטע פאַלבען צו זיינע פיס, איז ער געשטאַנען און געקוקט צו דער שטאָדט. ניט וויַיט פון איהם, אָנגעשפּאַרט אויף אַ צעוואָרפענעם זייל, איז געשטאַנען אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר צוואַנציג, אַ שוואַרץ בערדעל האָט בעזוימט זיין לענגליך איידעל געזיכט, וואָס איז געווען קעגען דער לבנה וויַיס ווי מאַרמאָר. די אויגען ביי איהם האָבען געפלאַמט, און אויף די ליפּען האָט געשפּיעלט אַ שטאָלצע איראָניע פון אַ העלד, וואָס קוקט דעם טויט גלייַך אין די אויגען. אַ מעשענע קאַסקע, ווי די רוימישע קריגער פלעגען טראָגען, האָט גערוהט אויף זיין קאָפּ. אַ קורצע טאָגע איז אַראָבגעפאַלען פון זיינע פעסטע פּלייצעס, און די פיס זיינען געווען פעסט איינגעבונדען אין רימענס פון די סאַנדאַלען. אויף דעם גאָלד-געוועבטען גאַרטעל איז געהאַנגען אַ קורצעס צוויי-שאַרפיגעס שווערדעל, מיט וועלכען ער האָט פערטראַכטערהייד זיך געשפּיעלט, קוקענדיג אין דער זייַט, וואו דער אַלטער איז געשטאַנען. אַ לאַנגע צייַט זיינען זיי געשטאַנען און געשוויגען. פּלוצים האָט דער אַלטער אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און אַ זיפץ געטהון.

— האָסט נאָך עפּיס געפינען דאָרטען? — האָט שטיל געפרעגט דער יונגער.

— מײַנע תלמידים זײַנען שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען און פון דײַנע סיקאַריער, אליעזר, זײַנען נאָך עטליכע געבליבען, נאָר מיט דײַן טויט וועלען זײ ניט שטאַרבען .

— ווײַל איצט איז קײן חורבן נישטאָ, דאָס געהט אוים און רוי־בערט זיך דײַן ליכטעל פון צוויײַטויזענט־יאָהריגען גלות . דאָס פאָלק איז שוין לאַנג געשטאָרבען, ווען דער לעצטער הויך איז פערגליווערט געוואָ־רען אויף די ליפען פונ׳ם לעצטען סיקאַריער און די ווײַטערדיגע זײַנען געוועזען אָבקלאַנגען פון אונזער לעצטען אויסגעשרײ, און די טויטע ליכט, וואָס דו האָסט אָנגעצונדען אין יבנה .

— מײַן ליכט האָב איך גענומען פון אש־תמיד, וואָס האָט אין בית־המקדש געברענט .

— אָבער פערשוועכט ! דו האָסט ווי אַ גנב צום שונא אַ ווינקעל געגאַנגען בעטען אין דער צײַט, ווען דאָס פאָלק האָט מיט זײַן בלוט געלאָשען די שרפה . מען האָט דיך אויף אַ מטה ווי אַ טויטען אַרויס־געטראָגען און נעבען אַ טויטען ווערט אַליץ טמא . אָ, יוחנן בן זכאי, פאַר־וואָס האָסטו אונזער טויט פערשוועכט, פאַרוואָס האָסטו אונז ווי אַ בליץ נישט געלאָזען אונטערגעהן, ווי אַ ברום פון אַ לײב, וואָס ווערט פער־שוואונדען אין מדבר ! ווער האָט דאָס בעדאַרפט, אַז דער צוויײַטויזענט־יאָהריגער גלות זאָל אויסהאָדעווען אַזעלכע קנעכט, ווי דאָרטען אין שטאָדט? ווער מען איז דאָס געוועזען נויטיג, אַז דער גרויסער בר־מנן זאָל פוילען ערגיץ אין צפון אין אַ פרעמד לאַנד און אויף זײַן קערפער זאָלען שוויב־לען ווי ווערים, קרעמער, פאַקטאָרים ; אַז משומדים, פערעטער זאָלען אויס־וואַקסען פון איהם . אָ, יוחנן בן זכאי, פאַרוואָס ביזטו נישט געוועזען אין מסדה אין יענער נאַכט . . . ווער ווײסט, וואָס פאַר אַ שעהנע לעגענדע די וועלט וואָלט געהאַט .

אַ שטילער געוויין האָט זיך אין לופטען צעטראָגען . אליעזר פון מסדה האָט דאָס פנים אין די העגד בעהאַלטען און אינגאַנצען געציטערט. און דער שלאַנקער יוחנן בן זכאי האָט זיך אײַנגעבויגען און אַראָבגעלאָ־זען דעם קאָפ . . .

פערגאָסען זײַנען מײַנע אויגען געוואָרען מיט טרערען, אַ נעבעל האָט אַליץ פערשטעלט, און, ווען מײַן אויג איז ווידער קלאָר געוואָרען, איז שוין קײן זאַך ניט געוועזען, נאָר אין לופט האָט זיך נאָך געטראָגען אַ שטילער קרעכץ און אַ קריצען פון צײהן .

אָ, יוחנן בן זכאי ! יוחנן בן זכאי ! . . .

— — — — — — — — — — — — — —

V

דער גלאָק אין שטאָדט־טורם האָט שוין געשלאָגען צוועלף, ווען איך בין צוריק אין דער אידישער גאַס געקומען. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אומעטום, טיר און טויער פאַרמאַכט, אַלע פענסטער אויסגעלאָשען, און מעהר נישט ווי איינציגע טונקעלע לאַמטערנס האָבען בעלויכטען די געהיימע, אויסגעקרימטע ווינקלען פון די אַלטע מויערן. און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך בין אַריינגעפאַלען אין אַ טויטער שטאָדט, פון וואַנען אַלע איינוואוינער זיינען זיך צעלאָפען און איבערגעלאָזען זי אין מיטען וועלט אַליין. און וואָס ווייטער איך בין געגאַנגען, אַלץ טיעפער איז דער הימעל אויבען געוואָרען, אַלץ שטאַרקער האָבען די שטערען געפינקעלט, גלייך ווי זיי וואָלטען אַריינגעקוקט אין אַ טיעפען שפּאַלט פון אַ פעלז. פון צייט צו צייט האָט זיך איבערגעטראָגען איבער דער גאַס אַ ווינד, געקלאַפּט מיט די שילדען פון די קראָמען, געריסען אַ נישט גוט פערמאַכטע טיר און צוריק אַנטשוויגען געוואָרען. קיין איין אָבקלאַנג פון טריט, קיין איין שאָטען פון אַ מענשען האָט זיך נים בעוויזען. רוהיגער איז מיר אויף'ן האַרצען געוואָרען — אַלץ געענדיגט, אַלץ געענדיגט — האָט מיר אַ שטימע אינוועניג גערעדט — אָט אַזוי וועט די שטאָדט בלייבען שטעהן, קיינער וועט איהר אייביגער שטילקייט נים שטערען, גראָז וועט אָנוואַקסען אויף די גאַסען, ווילדע שטרויכען אויף די קאַרניזען פון די מויערן, פויגעל וועלען בויען נעסטען אין זייערע פענסטער, און קיינער, קיינער וועט נים שטערען און פערשרייבען די אייביגע שטילקייט פון דער טויטער שטאָדט.

מיט די געדאַנקען האָב איך געווענדעט מיינע טריט צו דער אַלטער שול, וואָס איז געשטאַנען צווישען די גאַסען — דאָרטען וועל איך זיך בעזעצען איינער אַליין, דער לעצטער איד. ביי טאָג וועל איך מיר שפּאַצירען איבער די גאַסען, הערען ווי די ציגעל פאַלען פון די מויערן, געהן פון שטוב צו שטוב און לייענען די צייכען, וואָס די געוועזענע איינוואוינער האָבען איבערגעלאָזען, צוהערען זיך שטיל צו די לעצטע אָטעמס, וואָס שוועבען דאָרט אַרום, און די לעצטע ווערטער, וואָס זיינען פערגליווערט געוואָרען פון די, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען. און ביינאַכט וועל איך צוריק אין שול קומען, זאָגען חצות, היטען דער נר תמיד זאָל נישט אויסגעהן אין דער טויטער שטאָדט.

וואָס נעהענטער איך בין צו דער שול געקומען, אַלץ גרינגער, בעסער, רוהיגער איז מיר געוואָרען אויף דער נשמה.

נאָר פּלוצים בין איך געבליבען שטעהן. פון אַ ווינקעל גאַס האָט זיך פאַר מיר ענטפּלעקט די שול. ווי אַ ספינקס פערוויקעלט אין שאָטענס איז זי געשטאַנען, די פענסטער איהרע האָבען געפלאַמט, און פון אינווענינ האָט זיך געטראָגען אַ פײַערליכער רויש פון טויזענטער מענשען. די טירען פון שול האָבען זיך געעפענט מיט אַ לאַנגען קרעכץ, און פאַר מײַנע אויגען האָט געשוומען אַרויסגעהן אַ פּראָצעסיע...

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָט זיך דערנעהענטערט צו מיר אַן'עולם מענשען פון אַלטע אידען. און פול מיט אַ יראת הכבוד האָב איך זיך אָבגערוקט אין אַ ווינקעל און שטיל זיך צוגעקוקט צו דער וואונדערבאַרער פּראָצעסיע. פריהער פאַר אַלעמען זײַנען געגאַנגען מענשען אין ווײַסע קיטלען, אויף וועלכע עס האָבען זיך געזעהן פלעקען פון בלוט. די געזיכטער זײַנען בײַ זײַ געווען פערדעקט מיט די טלתים, אין איין האַנד האָבען זײַ געהאַלטען ליכט, און אין דער צווייטער ספר־תורות. געשלאָסען צוזאַמען זײַנען זײַ געגאַנגען, בעגלייט פון אַ שטילען אל־מלא־רחמים נאָך אַלע קדושים, וואָס זײַנען אומגעקומען אויף קדוש השם. נאָך זײַ האָט זיך געצויגען אַ רייהע פון רבנים און גאונים, אַלע אין שוואַרצע אַטלעסענע קאַפּאָטעס מיט פוטערנע שטרײַמלעך אויף די קעפּ, שטיל איז געווען אין זייערע רייהען, גלײַך ווי זײַ וואָלטען עפּיס בעהאַלטען אין זיך און אויף אייביג פער'חתמ'עט. נאָך זײַ זײַנען מיט שווערע טריט געגאַנגען וואַסער־טרעגער, האָלץ־העקער, אַלע אין כערמיעגעס מיט שטריק אַרומגעגאַרטעלט, די ברוינע געקנייטשטע געזיכטער זייערע זײַנען געווען בייז, פול מיט פּראָטעסט, און פון די אויגען האָבען טרערען געריננען. און פון גרויסען עולם, וואָס איז זײַ נאָכגעגאַנגען, האָבען זיך געטראָגען שטימען — „מאַכט אַ וועג, מאַכט אַ וועג, די למד־ואָו געהען". אונענדליך האָבען זיך געצויגען די רייהען. און איבער זײַ האָט זיך געטראָגען אַ טומעל, גלײַך ווי אַלע וואָלטען געשריגען — „לאָ'מיר אַוועקגעהן, לאָ'מיר אַוועקגעהן, נישטאָ פאַר אונז קיין אָרט!"...

בעהאַלטען בין איך געשטאַנען און געוואַרט ביז דער לעצטער איד איז אַרויס פון שול. און גלײַך נאָך איהם האָבען זיך אויסגעלאָשען די פענסטער, און דערנאָך האָט זיך בעוויזען אין טיר אַ יונגע פרוי, אין שוואַרצען פערהילט, פעסט צוגעמאַכט האָט זי נאָך זיך די טיר פון שול, צוגעשלאָסען דרײַ מאָל און נאָכדעם צוגעגאַנגען צו'ם אַלטען ברונען, וואָס אין מיטען שול־הויף, און אַרײַנגעוואָרפען דעם שליסעל...

וויפיעל צײַט עס האָט געדויערט האָב איך נישט בעמערקט, נאָר ווען די לעצטע אידען פון דער פּראָצעסיע האָבען גענומען פערבײַגעהן דעם ווינקעל, וואו איך בין געשטאַנען, האָב איך זיך ווי אויפגעכאַפּט פון

אַ חלום און דערזעהן צווישען זיי דעם זיידען. צוזאַמען מיט נאָך עטליכע אידען איז ער געגאַנגען, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקען, צוקלאַפּענדיג מיט איהם אויף די שטיינער פון בריק. אַ שטראַהל פון האָפנונג האָט מיך בעלויכטען און מיט אַ פערשטיקטען זיפץ בין איך צוגעלאָפען צו איהם, אָנחאַפּענדיג איהם פאַר'ן האַנד, און גענומען זיך בעטען — „זיידע, זיידע, וואוהין געהסטו, פערלאָז מיך ניט אַליין צווישען די חורבות, מיט וועמען וועל איך בלייבען, זיידע, זיידע!" און אָבגעשטעלט האָט זיך דער זיידע, אָנגענומען מיך פאַר אַ האַנד, און ווי פון ווייטען זיינען צו מיר דערגאַנגען זיינע ווערטער: — „מיט אונז קום, מיין קינד! דאָ טאָר קיינער נישט פערבלייבען, דאָ האָט מען אַלץ פערשוועכט"...

— און וואָס, זיידע, וועלען טהון די לעבעדיגע, וואָס בלייבען דאָ? וואָס וועלען טהון די אַלטע, וואָס זיינען נאָך דאָ פערבליבען, ווער וועט זיי טרייסטען, ווער וועט זיי אַ וועג ווייזען?

— זיי דאַרפען אונז נישט, זיי נויטיגען זיך נישט אין אונזער טרייסט, זיי האָבען אונז און זיך פאַר אַ גראָשען פערקויפט, ניין מען טאָר דאָ נישט בלייבען. מיט אונז, מיין קינד!

— און טאָמער איז נאָך געבליבען האָטש איין, איין איד, איין לעבעדיגער איד?!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטיל איז דער זיידע געבליבען ביי מיינע לעצטע ווערטער שטעהן. שטרענג זיינען זיינע אויגען געוואָרען, און אויסציהענדיג זיין האַנד האָט ער מיר פריהער בעוויזען אויפ'ן וועג, וואוהין די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגען, און דערנאָך אויפ'ן צלם פון קלויסטער, וואָס האָט געפינקעלט פון שטערען-שימער איבער די אַלטע דעכער פון דער אידישער גאַס.

— אַהער אָדער אַהין. דאָ איז פאַר דיר קיין אָרט נישטאָ... און ביי די ווערטער איז ער פערשוואונדען געוואָרען.

איינזאַם בין איך געבליבען שטעהן, פאַר מיר זיינען געוועזען פערמאַכט ביידע וועגען. נישט אַהער, נישט אַהין האָב איך געקאָנט געהן. און אין קאָפּ האָט מיר געקלאַפּט איין געדאַנק: אפשר, אפשר, אפשר?

און מיט דעם געדאַנק האָב איך זיך געוואָרפען ווייטער אין די גאַסען וועקען, רופען, קלאַפּען כל זמן דער ערשטער קרעמער האָט נאָך די קראָם נישט געעפענט.



## פּרץ הירשביין.

# פון מיין אלבאם.

## דער רויזענקראַנץ.

(הערבסט מאָטיוו).

דער פריהלינג האָט געמיטען, דער זומער איז אַוועק, און דער הערבסט איז אויף גרויסע, גראָהע פליגלען צופליהען געקומען — און זי איז אַליין אויפ׳ן בערג ים פערבליבען.

זי האָט גע׳חלומ׳ט, אַז דער, אויף וועמען זי וואַרט אַזוי לאַנג, וועט נאָך קומען.

צי מיט׳ן ים, פון דאָרט וואו די זון געהט אויף; אָדער גאָר פון מעריב זייט, פון דאָרט וואו עס ציהען פרעכטיגע ווייגגערטנער און רויזענפעלדער — ער וועט קומען!... און ביינאַכט, אויף איהר איינזאַמען געלעגער מיט האַלב־אָפענע פערטרוימטע אויגען ליגענדיג, האָט זיך איהר אויסגעדוכט, אַז הינטער די פענסטער פון די ליידיגע צימערען, וועלכע קומען צו׳ם ים אַרויס, שטעהען בלאַס־ווייסע ים־גייסטער און שעפטשען אין דער שטיל:

„שטעה אויף, ניט שלאָף... געה צום ים אַרויס... אין אַ פישער שיפעל געקומען איז ער. — די וועלען וויגען איהם — ער וויל אויפ׳ן ברעג ניט אַרויס, ביז דו וועסט צו איהם אַרויסקומען... געה צום ים אַרויס... געה צום ים „אַרויס"...

אויף מאָרגען האָט זי בעשטימט ביי זיך אין האַרצען ביים ים צו נעכטיגען.

דעם גאַנצען טאָג איז זי אין דער היים פערבליבען; די שענסטע פון איהרע קליידער אָנגעצויגען און ביים שפּיגעל זיך געציערט. און ווען ס'איז רעכט שפּעט געוואָרן, איז זי צו אַ גערטנער אַוועק בעשטעהלען אַ קראַנץ פון ווייסע רויזען.

ווען דער גערטנער האָט ביי איהר געפרעגט פאַר וועמען זי בעדאַרף דעם קראַנץ, האָט זיך אין איהר בלאַס געזיכט אַ מיעדער ראָזיגער פאַרב בעוויזען און קינדעריש פערשעמט האָט זי שטיל געענטפערט:

— איך בעדאַרף מיט'ן קראַנץ מיין חתן בעגעגנען...

און ווען דער גערטנער האָט בעמערקט, אפשר וועט זי הייסען ם קראַנץ פון רויטע רויזען פלעכטען, ווייל אַלע ווייסע רויזען זיינען שוין בעשטעלט אויף אַ קראַנץ פאַר אַ יונגער כלה, וואָס איז געשטאָרבען און מאָרגען בעדאַרף איהר לויה זיין, האָט זי אַ ווייל געשוויגען, צוריק בלאַס געוואָרען און שטיל געזאָגט:

— איך בעדאַרף אויך מיין קראַנץ פאַר אַ כלה, וואָס איז געשטאָרבען און נאָך היינט וועט איהר לויה זיין...

דער גערטנער איז מיט אַ ליכט אין גאָרטען געגאַנגען און אַ קאָרב אָנגעשניטענע ווייסע רויזען געבראַכט. און ווען ער האָט דעם קראַנץ פלעכטען געענדיגט, האָט ער ווי פאַר זיך בעמערקט:

— יאָ, אַזעלכע קרענץ בעשטעהלען ביי איהם שטאָדט־לייט פאַר טויטע און פאַר לעבעדיגע — און דאָך וואָלט ער וועלען וויסען פאַר וועמען זי בעדאַרף איהם...

נאָר זי האָט גאָרניט געענטפערט. נעהמענדיג דעם קראַנץ פונ'ם גערטנער, האָט זיך איהר געזיכט ליכטיג אָנגעצונדען, און זי איז פון שטוב אַרויס.

מורא האָבענדיג ניט צו פערשפּעטיגען, האָט זי געהיילט צום ים, צו זיין ברעג, וואָס איז אין דער פינסטערניש געלעגען פערהילט; זי האָט אויפגעזוכט דעם איין־און־איינציגען בוים, וואָס איז עלענד אויף דעם ברעג געוואַקסען, האָט זיך אונטער איהם אַראָבגעלאָזען און מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט זיך צו אַלץ, וואָס עס טוט זיך אַרום...

ס'איז געווען איינע פון די הערבסט נעכט, ווען הימעל, לבנה און שטערען טיילען זיך איינגאַנצען אָב, בעזונדער פון אונזער וועלט און הויבען אָן לעבען אַליין פאַר זיך. גראָה־שוואַרצע וואָלקען האָבען אָבגעשיידט דעם הימעל פון ים און אויף איהם אַ שוואַרצען שאָטען אָנגעוואָרפען. האָט זיך דער ים בעליידיגט, דערשפּירט, דעם אונרעכט דערפיהלט און ניט געקענט זיך בערוהיגען. ער האָט געברומט מיט טויזענ־

טער וואַסער־קולות און אָהן רחמנות געטריבען זײַנע װעלען, זײ זאָלען צום ברעג לויפען און דערצעהלען פונ׳ם אונרעכט וואָס דער הימעל מיט זײַנע שטערען האָבען איהם געטוהן. די נאַכט האָט זיך איבער איהם נידריג אַראָבגעלאָזען, געגלעט איהם מיט איהרע פליגעל — נאָר ער האָט זיך אַלץ שטאַרקער גערעגט, אויף טויזענטער פאַסען האָט זיך זײַן ברוסט געריסען און פון די וואונדען האָבען זיך שוים־װײַלען אַרויסגעקוילערט און צעגאָסען זיך איבער דעם אויבערפלעך פונ׳ם וואַסער.

אַ צײַט איז זי אונטערן בוים געזעסען, בעשיצענדיג דעם קראַנץ פונ׳ם ווינד, וואָס האָט איהם פון איהרע הענד געריסען, ביז אויף איהר האָט זיך אַ מידקײַט פון אַלע זײַטען אַראָבגעלאָזען. דאָס רוישען פון ים האָט זי אײַנגעצען פער׳שכור׳ט; זי האָט אָנגעהויבען צו דרעמלען און איהר האָט זיך אויסגעוויזען:

... ס׳איז פריהער פריהלינג. גערטנער פון אַלע זײַטען. אַלץ אַרום איז מיט שניי־ווײַסע בליהטען בעדעקט, און איבער דעם אַלעמען גיסט די זון שטראָמען ליכט. די לופט איז מיט אַלערלײ בלומען־ריחות געווירצט, און זי אַליין איז אַזוי לײַכט, אַזוי שוועבענד, ווי פליגלען וואָלטען איהר פון בײדע זײַטען וואַקסען; און שוועבענדיג רײַסט זי קאַרשען צווײַגלאַך בעדעקט מיט לויטער ווײַסע בליהטען, צווישען וועלכע עס שפּראָצען נאָך גרינע קנאָספען, שטעקט זײ אין איהרע צעפּ, אַרום איהר קאָפּ געוויקעלטע, הײנגט זײ אויף איהר ווײַס קלייד אַרום און אַזוי קומט זי ביז צום ים אַרויס... און דער ים איז רוהיג, שטיל; ליגט אויסגעברײט ביז וואַנען די אויג קען פערחאַפּען און העל־בלאָה איז ער, עטוואָס גראָהליך פערנעבעלט און אויף זײַן שפּיגעל גליטשען זיך די זונען שטראַלען, ברעכען זיך און בלאַנקען. ווײַסע מעווען שווימען אום אויף דעם אויבערפלעך פון וואַסער, פליהען פלוצים אויף און פאַלען באַלד ווידער אין וואַסער אַרײַן און לאָזען זיך שווימען...

און די מענשען וואָס שפּאַצירען אום בײַ׳ם ברעג, זײַנען אויך יום־טוב׳דיג, פריהלינגדיג, די געזיכטער פרעהליך און אײנער צום אַנדערען שמײכעלט צופרידען און אַזוי גרינג, אַזוי לופטיג זײַנען זײ אַלע...

פלוצים רוקט זיך אָן אַ וואָלקענדיל און פערדעקט די זון... דער ים ווערט דונקעל בלאָה, און די מענשען אַרום האָבען זיך ווי איבערגעשראָקען. אײנציגווײַז, שווײַגענדיג הויבען זײ אָן דעם ברעג צו פערלאָזען, פערשוואונדען, ווי זײ וואָלטען מורא האָבען מעהר בײַם ברעג צו פערבלײַבען און הײַלען זיך אַהײם, צוריק אין שטוב זיך פערשפּאַרען...

און אין הימעל בעווײַזען זיך שטערענדליך, פונקלען אַ ווײַלע און פלוצים הויבען זײ אָן צו ציטערען, רײַסען זיך פון הימעל אַרויס און

פֿאַלען אין ים אַרײַן, און עס זעהט אויס, ווי אַ שטערען⸗רעגען גיסט זיך פֿון הימעל אין ים אַרײַן. און זי אַליין שטעהט ווי אַ צוגעשמידטע צום ברעג און קוקט אָנגעשטרענגט צום מזרח הימעל, ווי זי וואָלט אויף עפּיס וואַרטען. זי האָט מורא אויף אַ רגע איהרע אויגען אָבצווענדען, טאָמער וועט זי עפּיס פֿערמײַדען.

פלוצים האָט זיך אין מזרח⸗הימעל אַ טירעלע געעפֿענט; בײַם ברעג הימעל האָט זיך עס געעפֿענט, און פֿון דאָרט קומט אַרויס אַ ווײַסער מלאך מיט גרויסע בלאַנק⸗ווײַסע פֿליגלען און שוים⸗ווײַסע לאָקען, און די אויגען זײַנע זײַנען גליהענד⸗שוואַרץ. אין דער רעכטער האַנד טראָגט ער אַ אָנגעצונדענעם העלען פֿײַער⸗פֿלאַקער, און אויף דער אַנדערער האַנד, אויף זײַן מיטעלסטען פֿינגער, שטעהט אַ ווײַסע טויב מיט גרויסע גאָלדענע, ליכטיגע אויגען. און דער מלאך געהט האַלב פֿליהענדיג איבער דעם שפּיגעל פֿון וואַסער און דערנעהענטערט זיך צום ברעג גלײַך צו איהר... און זײַנע צוויי שוואַרצע, גליהענדיגע אויגען בליקען גלײַך צו איהר אין האַרצען אַרײַן, שטום בליקען זיי און זאָגען גאָרנישט... דער מלאך דערלאַנגט איהר דעם אָנגעצונדענעם פֿלאַקער און ניט ווילענדיג נעהמט זי איהם. ניט ווילענדיג דערלאַנגט זי איהם איהר צווייטע האַנד, שטרעקט אויס איהם אַ פֿינגער, אויף וועלכען דער מלאך שטעלט די טויב אַרויף און הינטעררוקס קערט ער זיך לאַנגזאַם, דער מלאך, צום אָרט פֿון וואַנען ער איז געקומען און געהנדיג אַזוי, ווינקט ער צו איהר מיט איין פֿינגער זי זאָל איהם נאָכגעהן. — און זי פֿאָלגט איהם:

זי געהט פֿון ברעג אויפ'ן ים אַרויס... און דער אויבערפֿלעך פֿון וואַסער איז ווי מיט אַ שטײַפֿען, בלאָהען זײַד אָנגעצויגען. און זי טרעט איבער איהם אַזוי זיכער, אַזוי לײַכט, און אַזוי דערנעהענטערט זי זיך אַלץ מעהר צו'ם מזרח⸗הימעל, צו'ם האָריזאָנט; און קומענדיג צו'ם טירעלע וואָס אין הימעל, געהט דער מלאך פֿריהער דורך, דאָס טירעלע פֿערמאַכט ער, און זי בלײַבט אַליין אויפ'ן ים... און דער ים אונטער איהרע פֿיס הויבט זיך אָן שטיל צו וויגען. און דאָס בלאָהע זײַד איבער וועלכען זי האָט אַזוי זיכער געשפּרײַזט, הײבט אָן שוואַכער צו ווערען און ציטערט אונטער איהרע פֿיס. דאָס העלע פֿײַער פֿון פֿלאַקער, וואָס אין איהר האַנד ווערט דונקעלער, דונקעלער, און די קלאָר ווײַסע טויב וואָס אויף איהר פֿינגער ווערט אויך דונקעלער און בעקומט אַ גרינעם געשטאַלט, און די אויגען בײַ דער טויב ווערען פֿײַערדיג⸗גרין און פּלוצים ווערט זי אין אַ גרינער שלאַנג פֿערוואַנדעלט... און די שלאַנג הויבט זיך אָן לאַנגזאַם אויסצוציהען, וויקעלט זיך אַרום איהר האַלז, ציהט זיך צו איהר

ברוסט וויקעלט זיך פעסט אַרום איהר און שטיקט אַליץ שטאַרקער, אַליץ שטאַרקער...

ס'ווערט פינסטערער אַרום. דער ים אונטער איהרע פיס הויבט אָן צו רוישען און צו שטורמען וועלען הויבען זיך פון אַלע זייטען און קויק־לען זיך גלייך צו איהר... פאַר איהרע אויגען עפענט זיך פלוצים אויף אַ שוואַרצער, פינסטערער אָבגרונד, פון וועלכען עס ציהען זיך אַרויס צו איהר אַ פּאָר מעכטיגע שוואַרצע הענד, די הענד חאַפּען, אומאַרמען זי פעסט און ציהען זי אין פינסטער'ן אָבגרונד אַריין...

— — — — — — — — — — — — — —

---

אין דער־פריה ווען די הערבסט זון איז אויפגעגאַנגען האָבען פי־שער גאָר בייַ'ם ברעג געפונען אַ דערטרונקענע, וועלכע איז געווען אין ווייַסען פערציהרט, און נעבען איהר איז אַ קראַנץ פון ווייַסע רויזען גע־שוואומען, מיט וועלכע די וועלען האָבען זיך געשפּילט...



## דוד בערגעלסאָן.

# די בת-מלכה „אמת“.

### (אַ מעשה׳לע).

### I

ענדליך איז אויפ׳ן הימעל דער ערשטער טאָג שבת מיט זיינע געהייליגטע בין השמשות פאַריבער, דאָס לויכטיגקייט אַרום כסא הכבוד האָט זיך געשטאַרקט און אַ פרעהליכע בשורה האָט זיך געשווינד צווישען די ערוואַכטע כתות מלאכים פערשפּרייט:

— גאָט בעשאַפט... עפּיס גאָר וואונדערבאַרעס און שעהנעס בעשאַפט גאָט.

שטיל און אָהן אַ רעש האָבען אַהין די מלאכים און שרפים אַוועק־געשוועבט און אין אַ גרויסער ראָד דעם שבת־צו־נאַכטס׳דיג בעלויכטען כסא הכבוד אַרומגערונגעלט. אַ שטילשווייגענדע פאָרכט האָט צווישען דער גרויסער מלאכים ראָד און צווישען כסא הכבוד געריהט. אַלע האָבען געקוקט, אַלע האָבען געוואַרט און אַלע האָבען זיך מתכון געווען צו איינעם און דעם זעלבען געדאַנק:

— גאָט אַליין וויל אַ שמייכעל טהון, — אַ סימן אַז ס׳וועלען שוין ביי איהם איצט גאָר בעזונדערע אַנטיקען אַרויס.

און ס׳איז אַזוי געווען:

צום אָנהויב האָט גאָט בעשאַפען דעם מיראַזש, דעם מענשענס פאַנטאַזיע מיט׳ן מענשענס גליק, און נאָכדעם האָט אַלעם דורכגעדרונגען עפּיס גאָר אַ שטילער מיידעלשער זיפץ, און נישט וויַיט פון כסא הכבוד איז שטעהן געבליבען אַ אונגעוועהנליך אומעדיגע שלאַנקוואוקסיגע פרוי, אַ איינגעהילטע פון קאָפּ ביז די פיס אין אַ לאַנגען קוים, קוים דורכזיכ־טיגען שוואַרצען שלייער.

— גאָט דער האַר און בעשעפער, — האָט פאַלענדיג אויפ׳ן פּנים שטיל און ציטעריג די פרוי געבעטען, — טהו דיין חסד מיט מיר, דיין קנעכט און קעהר מיך אום צו גאָרנישט. איך האָב אַ האַרץ וואָס ליידט און וועהטיגט פאַר יעדען אונרעכט און קרימען דין, כ׳האָב אַ נשמה וואָס נאָגט און בענקט צו יעדען אומגליקליכען און געשטראָפטען. אַלעמען העלפען גליבסט זיך מיר אַזוי, און אַליין בין איך דאָך קלענער פון קליין און מורא האָב איך פאַר׳ן טויט.

און ס'איז געווען, אַז די פרוי האָט אַזוי צו גאָט געבעטען, האָבען זיך ביי פיעל פון די מלאכים טרערען בעוויזען. אַ טייל פון זיי זענען שוין גרייט געווען צום כסא הכבוד זיך ווענדען און פאַר איהר רחמים דערוועקען, נאָר פונקט אין דער צייט, האָט זיך דער כסא הכבוד מיט גאָט'ס שמייכעל בעלויכטען און דאָס קול פון בעשעפער האָט וועגען דער פרוי צו די מלאכים אַזוי געזאָגט:

—איהר, דער בת־מלכה, וועט זיין אמת גוט. זי וועלען מענשען קרוינען מיט'ן נאָמען „אמת", צו איהר וועלען זיי שטרעבען און צו איהר וועלען זיי רופען. נאָר געדענקען מוז זי אייד ער זי ווערט פון מיר אויף דער וועלט אַראָבגעשיקט:

שטאַרבען וועט זי פונקט אין יענער צייט, ווען מענשען וועלען צו איהר נאָהענט צוקומען.

אַ פאָרכטיג שטילקייט האָט בעהערשט די מלאכים און צווישען אָט דער שטילקייט, האָט זיך דורכגעשניטען גאָט'ס שטרענגער בעפעהל:

— זאָל די בת־מלכה „אמת" אַראָבגעלאָזען ווערען אויף דער ערד.

און באַלד האָט אַ שטאַרקער דונער די שטילקייט פערפולט, די טויערען פון הימעל האָבען זיך אָבגערוקט, און די בת־מלכה איז נישט געוואָרען.

II

פון דעמאָלט אָן וואוינט די בת־מלכה „אמת" אינ'ם גרויסען מאַר־מאָרנעם פּאַלאַץ, וואָס גאָט האָט פאַר איהר קעגען־איבער דעם טויזענד־מיילענדיגען מדבר אויסגעבויט. דער פּאַלאַץ שטעהט אויף אַ שטיינער־נעם ברעג פון ים און ווערט בעהיט דורך איין־און־איינציגען צוגעשטעלטען מלאך, ביי וועלכען ס'איז מיט פייערדיגע בוכשטאַבען אויפ'ן שטערען און אויף די פליהגעל פערשריבען: „דער מלאך, וואָס היט אָב דעם אמת".

מיט קליינע גראַציעזע טריט בלאָנזעט זי גאַנצע טעג איבער די פיעל חדרים פונ'ם פּאַלאַץ, גנב'עט זיך שטילערהייד צו דער גלעזערנער טיר פונ'ם ווייטען, ווייטען אויסגאַנגס חדר און האַלט זיך מיט ביידע הענד פאַר'ן בענקענדיגען האַרץ. אַנטלויפען וויל זי פונ'ם פּאַלאַץ צו די מענ־שען, וואָס רופען צו איהר פון קעגען־איבער דעם טויזענד־מיילענדיגען מדבר. אָבער ווי אַלע מאָל, ווען זי דערגרייכט דאָס אויסגאַנגס חדר, וואַקסט דאָרט פּלוצים אויס דער מלאך, בלייבט שטעהן קעגען איהר אויף דער שוועל פון גלעזערנע טהיר און שפרייט פונאַנדער זיינע פליגעל, אויף וועלכע ס'איז מיט פייערדיגע בוכשטאַבען געשריבען:

„דער מלאך, וואָס היט אָב דעם אמת".

די בת־מלכּה ווערט פערציטערט, הויקערט זיך איין פון גרויס אומ־גליק און דערמאָנט זיך אָן גאָט'ס ווערטער:

— שטאַרבען וועסטו פּונקט אין יענער צייט, ווען מענשען וועלען צו דיר נאָהנט צוקומען.

און אַ מאָל מאַכט זיך אַז די בת־מלכּה געפינט זיך לאַנג אויף דער טעראַסע פון'ם מאַרמערנעם פּאַלאַץ, וואָס געהט אַרויס צום אָפענעם ים, ליגט אָהן אַ שום בעוועגונג אין דער גרויסער וויעג־שטוהל און קוקט גאַנצע שעה'ן מיט אומעדיגע אויגען אין דער ווייט.

שטיל איז אַרום, פאַר די אויגען שפּרייט זיך אַ גלאַטע און רוהיגע ים אויבערפלעך, וואָס האָט נישט קיין גרעניץ און נישט קיין האָריזאָנט. רעגעלמעסיג הערען זיך די האַלב דערשטיקטע ים קרעכצען, מיט וועלכע אונגעוועהנליך קליינע וועלען פאַלען צו אַלע מאָל צו די שטיינער פון הויכען ברעג. פּלוצים קומט אַ טומעל פון דער ווייט, פער־פינסטערט ווערט די לופט, און דער ים הויבט אָן צו רעש'ן. ערגיץ וואו געהן אונטער שיפען, און צווישען דעם רעש פון די חוואַליעס חאַפּט דער ווינד אַ קרעכץ פון אַ מענשען, וואָס ווערט דערטרינקען, און ברייננגט איהם צו דער טעראַסע צוטראָגען:

— מציל ... זייט מיך ... מציל ...

די בת־מלכּה ווערט פערציטערט און וויל זיך אַהין שווימען לאָזען.

נאָך איין בעוועגונג, און זי וואָלט פון דער הויכער טעראַסע אין ים אַ שפּרונג געטהון, נאָר דער מלאך בלייבט וויעדער פאַר איהר מיט פונאַנדערגעשפּרייטע פליגעל שטעהן און בעווייזט איהר אויף אַ פּאָר זיילען, צווישען וועלכע ס'איז גאָט'ס ווערטער אָנגעשריבען:

— שטאַרבען וועסטו פּונקט אין דער צייט, ווען מענשען וועלען צו דיר נאָהנט צוקומען.

און איינמאָל, אין די טונקעלע בין השמשות, איז די בת־מלכּה „אמת״ געזעסען אויף אַ צווייטער טעראַסע, וואָס געהט צו דעם פרייעם מדבּר אַרויס און האָט געזעהן, ווי ס'רויטעלט זיך דאָרט אַ ווייטער עק פון הימעל. לאַנג האָט זי אַהין, אין רויטקייט אַריינגעקוקט און דערזעהן האָט זי דאָרט ענדליך אַ נעבעלדיג געשטאַלט. ס'האָט זיך דאָרט געוועבט פריהער אַ קליידעל, אַ קאָפּטעל, אַ לענגליך אומעדיג פּנים. און נאָכדעם האָט ביי איהר אַ ציטער געטהון דאָס האַרץ, און די אויגען האָבען דאָרט אין רויטקייט דערקענט זיך אַליין, די אייגענע שלאַנקע און בויגיגע פיגור:

אָט שטעהט זי דאָרט אין הימעל רויטקייט אויף אַ קליין פייערדיגע בערגעל און רעדט מיט אַ ברענענדיג פּנים צו דער אונגעהויער גרויסער מענשען־מחנה, וואָס רינגעלט זי אַרום און שלינגען מיט גרויס דורשט איהרע רויט. יעדעס וואָרט איהרעס איז אַ פלאַקער פייער, וואָס צינדט אין דער מחנה די הערצער אונטער, יעדער בעוועגונג — אַ מויט פאַר אונגערעכטיגקייט און פאַלשקייט. נאָך איין רגע און אַלע זענען גרייט זי קריינען און אַוועקלייגען דאָס לעבען אין דער הייליגער מלחמה, צו וועלכער זי רופט.

אַ גאַנצען פערוואָגעלטען מעת־לעת האָט נאָכדעם די בת־מלכּה „אמת״ איבער׳ן גרויסען פּאַלאַץ אַרומגעבלאָנדזעט און זיך קיין אָרט נישט געקענט געפונען. און אין די צווייטע בין השמשות האָט זי צו זיך דעם מלאך צוגערופען און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

— אַוועקפליהען זאָלסטו אין דער גרעסטער שטאָדט, וואָס געפינט זיך ערגיץ וואו אויף דער וועלט, און קומען זאָלסטו דאָרט צום גרעסטען פּלאַץ, וואו ס׳געהט הין־און־צוריק די גרעסטע צאָהל מענשען. און אַלעס וואָס דו וועסט זעהן דאָרט און איבער׳ן וועג זאָלסטו קומענדיג צוריק מיר דערצעהלען. איך אַליין קען צו די מענשען נישט קומען, אָבער ס׳ציהט זיך צו זיי אַזוי מעכטיג אין האַרץ. זאָל איך יעדענפאַלס וויסען ווי זיי לעבען דאָרט אָהן מיר.

דער מלאך האָט זיך אַ נויג געטהון און געפרעגט:

— גיבסטו מיר דיין וואָרט, אַז צוריק קומענדיג וועל איך דיך אויפ׳ן זעלבען אָרט טרעפען?

אַזאַ נישט גלויבענדער איז שוין אָט דער צוגעשטעלטער מלאך געוועזען, און אַזוי פערזאָגט איז איהם שוין אויפ׳ן הימעל געוועזען, ער זאָל דאָ אויף דער ערד קיינעם נישט גלויבען.

## III

דריי טעג און דריי נעכט איז די בת־מלכּה איינע אַליין אין פּאַלאַץ געוועזען און מיט גרויס־אונגעדולד אויפ׳ן מלאך געוואַרט. יעדער טאָג איז פאַר איהר אַ יאָהר געוועזען, יעדער נאַכט — אַ יובל. ענדליך זענען די בין השמשות פון דריטען טאָג געקומען, און אין דרויסען, נישט ווייט פונ׳ם פּאַלאַץ האָט זיך אין דער שטילקייט אַ מאַך פון אַ פּאַר מלאכ׳שע פליגעל דערהערט. ביי דער בת־מלכּה „אמת״ האָט פון פרייד דאָס האַרץ אַ קלאַפּ געטהון, און געלאָפען איז זי דעם מלאך אַנטקעגען:

— דערצעהל, — האָט זי זיך בײַ איהם מיט אַ ציטעריג קול געבעטען, — דערצעהל וואָס גיכער אַלעס וואָס דו האָסט דאָרט צווישען די מענשען געזעהן.

און דער מלאך האָט זיך אַ נויג געטהון און האָט די געשיכטע פון זײַן רײַזע אַזוי אָנגעהויבען.

„לאַנג בין איך שטאַרק הויך איבער דעם טויזענד־מײַלענדיגעם מדבר געפלויגען און האָב אין ערגיץ קיין ישוב נישט בעמערקט. פון אויבען— הימלען, וואָס האָבען נישט קיין אָנהויב און קיין סוף און פון הינטען—זאַמד, ווילדע ווינטען מיט שטויב־שטראָמען. ערשט אויפ׳ן צווייטען טאָג האָב איך דאָ און דאָרט סימנים פון לעבען בעמערקען אָנגעהויבען: ערגיץ וואו אַנ׳איינזאַמען בוים, אַ ביסעל ווײַטער — אַ גרינעם טאָל, וואָס בעהאַלט אין זײַן הויכען גראָז אַ געמויזיכטס פון שטילע וואַסער; נאָך ווײַטער—איינזאַמע שטיבלעך, וואָס שטעהן אַזוי ווײַט איינעם פונ׳ם צווייטען, מענשען, וואָס וואוינען אין איינעם, האָבען קיינמאָל נישט געזעהן די מענשען, וואָס וואוינען אינ׳ם צווייטען. ענדליך האָב איך דעם ערשטען לאַנגען און גרויסען וואַלד בעמערקט און האָב זיך נידעריגער צו דער ערד אַראָבגעלאָזט. טונקעל איז שוין דעמאָלט דער טאָג געווען, און די בין השמשות האָבען זיך דאָרט הינטער׳ן וואַלד פערזעצט און זיך בעהאַלטען פון דער פערגעהענדיגער זון, וואָס האָט נאָך די שפּיצען פון די בוימער געגילדט. אויף דער סטעזשקע, וואָס ציהט זיך פערבײַ דעם וואַלד, איז אַ מענש איינער אַליין געגאַנגען און האָט די גאַנצע צײַט זײַן שטילע תפלה געשעפּטשעט:

— גאָט, גרויסער אַלמעכטיגער גאָט! ברענג מיך לעבעדיג אַ היים... איך וועל דיר דײַן חסד קיינמאָל נישט פערגעסען. דינען וועל איך אייביג צו דיר און צו דײַן „אמת", און קיין הונגעריגער וועט מײַן הויז קיינמאָל נישט פערלאָזען

דאָס איז געווען אַ מיטעל־יאָהריגער און אָרימער אַרבײַט־מענש, וואָס האָט פריהער מיט אַ שטיק צײַט אין איינעם פון די אָבגעבעזונדערטע, ווײַטע שטיבלעך זײַן ווײַב און קינדער געלאָזען און איז אַוועק אין ישוב ברויט פערדינען. איצט האָט ער זיך איינער אַליין אַ היים אומגעקעהרט און זיך געפרעהט מיט׳ן ברויט און מיט די מתנות, וואָס ער האָט צו זײַן ווײַב און קינדער געטראָגען. פּלוצים איז אַ רויבער פון וואַלד אַרויס, אויף איהם אָנגעפאַלען, איהם אומגעוואָרפען און מיט אַ קניה זײַן ברוסט צוגעדרוקט. אַליין האָב איך געזעהן, ווי דער רויבער האָט דעם אָרימען אַרבײַט־מענש אַמעסער אין האַרצען אַרײַנגעשטעקט, בײַ איהם אַלעס צוגענומען און איז צוריק אין געדיכטען וואַלד פערשוואונדען. ווען איך האָב זיך צום דערהרג׳טען אַראָבגעלאָזט, האָבען זיך נאָך זײַנע ליפּען געשאָקעלט. כ׳האָב

מײַן אויער צו זײַן מויל צוגעלעהגט און געהערט די לעצטע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט פון זיך די נשמה אַרויסגעלאָזט:

— גאָט, — האָט ער שטיל געשעפּטשעט, — זאָל זיך פאַר מײַן אָרימע ווײַב און קינדער דער „אמת״ אַלײַן אָננעהמען.

דער מלאך האָט דערזעהן, ווי די בת־מלכה „אמת״ האָט איהר אומעדיג פּנים אַראָבגעלאָזט און זיך אין טרויעריגע געדאַנקען פערטיעפט, האָט ער אַביסעל אָבגעוואַרט און באַלד ווײַטער אָנגעהויבען דערצעהלען:

„דערווײַל איז די לבנה אויפ׳ן הימעל אויפגעגאַנגען און מיט איהר טונקעל־געלער נאַכט־שײַן אויף גאַנץ ווײַט די ערד בעלויכטען. געשווינד בין איך געפלויגען ווײַטער אַהין, וואו דאָ און דאָרט האָבען זיך שוין פון צײַט צו צײַט קלײנע ישוב׳ס בעוויזען. אַזוי שעהן האָבען פון דאָרט די פײַערלעך דורך די פענסטער צו דער נאַכט אַרויסגעקוקט, נאָר מענשען זײַנען שוין צו דעם פון אַזאַ לאַנגער צײַט געוואוינט געווען און האָבען די שעהנקײַט ניטשט בעמערקט. דורכפליהענדיג דורך אײנעם פון אָט די קלײנע ישוב׳ס האָב איך צו זיך אַרויף פיעל געשרײען דערהערט און האָב זיך אַהין אַראָבגעלאָזט.

— וואָס זאָלען בעדײַטען די געשרײען אין מיטען דער שטילער נאַכט? — האָב איך געפרעגט בײַ די מענשען, וואָס האָבען אײנע אַ טונקעלע שטוב אַרומגערינגעלט.

— אַ רײַכער און שטאַרק קמצנ׳ישער פּאָטער איז דאָ פאַרנאַכט געשטאָרבען, — האָט מיר אײנער פון זײ דערצעהלט, — און צוויי זיהן האָט דער פּאָטער געלאָזט, אײנעם אַ רײַכען, דעם צווייטען אַנ׳אָרימען. איז נאָר וואָס דער רײַכער אויפ׳ן אָרעמען אויפגעשטאַנען און האָט איהם מיט אַ האַק אויף טויט דעם קאָפּ צעשפּאַלטען.

— קומט דאָך אָט דעם רײַכען ברודער מיתה, — האָב איך צום מענשען געזאָגט, — האָט דען ניט אַזוי גע׳פּסק׳ענט דער „אמת״?

דערמאָלסט האָט זיך דער מענש פונאַנדערגעלאַכט און זיך אויף לצנות צו זײַנע חברים אָנגערופען:

— איהר הערט? דער „אמת״ האָט דעם רײַכען ברודער גע׳פּסק׳ענט מיתה.

און דער עולם האָט געשמאַק געלאַכט. ס׳איז געווען צווישען זײ אַ קלוגעטצישקער האָט ער אויסגעשריען אויפ׳ן קול:

— זאָל בעסער דער „אמת״ פּרובען לעבעדיג מאַכען דעם גיג׳־הרג׳טען אָרימען.

דער מלאך האָט דערזעהן, ווי די בת־מלכה „אמת״ איז בלאַס גע־

וואָרען און מיט פערמאַכטע אויגען דעם קאָפּ אַרונטער געוואָרפען, איז ער אַנטשוויגען געוואָרען און געוואָלט אָבוואַרטען, נאָר די בת=מלכה האָט צו איהם, נישט אויפעפענדיג די אויגען, מיט דער האַנד אַ מאַך געטהון, האָט ער זיך אַ נויג געטהון און ווייטער דערצעהלט:

„די נאַכט איז שוין געוועזען אינגאַנצען טונקעל, ווען איך האָב זיך פונ׳ם ישוב אין דער הויך אויפגעהויבען, און די לבנה האָט שוין מעהר אויפ׳ן הימעל ניט געשיינט. פוסט זיינען געוועזען די פעלדער און געפּאַשעט האָבען זיך אויף זיי רוהיג ערגיץ וואו קעלבער און שאָף. פּלוצים האָב איך אַ שטילען זיפץ צו מיר דערהערט און האָב זיך אַראָבגעלאָזען צום איינזאַמען שטיבעל, וואָס איז אונטער מיר אויף דער ערד געשטאַנען. נישט קיין שטיבעל איז דאָס געוועזען, נאָר אַ האַלב=איינגעוואַלעטע חורבה. דורך אַ לאָך פון אַ געוועזענעם פענסטער האָב איך מיין קאָפּ אַריינגעשטעקט און האָב דערזעהן, ווי אויף דער ערד איז אַ יונגע מוטער אויף די קניהען אַריבערגעבויגען איבער׳ן גוף פון דעם געשטאָרבען קינד געשטאַנען און האָט שוין קיין כח נישט געהאַט צו וויינען.

— אַלעם האָסטו ביי מיר צוגענומען, — האָט זי שטיל און אָהן טרערען צו גאָט גע׳טענה׳ט, — און איצט איז ביי מיר דאָס לעצטע קינד אין הונגער און נויט אויסגעגאַנגען, און דער אמת דיינער, גאָט, וואו איז ער? פאַר וואָס קומט ער נישט?

ניט אויפעפענדיג די אויגען, האָט די בת=מלכה אַ שוידערדיגען ציטער געטהון און איהר בלאַס פנים שטאַרק פערקרימט. און דער מלאך האָט אַ רגע אָבגעוואַרט און באַלד ווידער גענומען ווייטער זיין רייזע דערצעהלען:

„ענדליך בין איך אויפ׳ן צווייטען טאָג אין דער גרעסטער וועלטשטאָדט צופליהען געקומען און האָב פון דער הויך איהרע רוישיגע גאַסען אויסגעקוקט. ס׳איז געוועזען אַ זונענדיג=וואַרימער זומער טאָג, און די שטאָדט=לייט האָבען אין איהם פרעהליך זייער בלומען יום=טוב געפייערט. ווי שוואַרצע פליגען האָבען זיי זיך פון אונטען צווישען די פיעל=גאָרענדיגע מויערען פערשפרייט, און אויף דעם גרעסטען שטאָדט=פּלאַץ, וואו האָב זיך אין דערמיט אויף דער גאַס=עסטראַדע אָבגעשטעלט, אי נישט געבליבען קיין לעדיג אָרט, וואוהין מ׳זאָל קענען אַ טריט מאַכען. פּערפּוצטע עקיפּאַזשען האָבען זיך דאָרט אין אַ לאַנגער שורה גערוקט, רייטער האָבען פון ביידע זייטען אָט די עקיפּאַזשען בעגלייט און אַרום און אַרום האָבען געפילדערט הונדערט=טויזענדער פיסגעהער, פרעהליך געפייערט זייער יום=טוב און איינער אויפ׳ן צווייטען געשיט מיט פערשיעדען=שמעקענדיגע פרישע בלומען. פּלוצים האָבען עטליכע פון זיי בע=

מערקט די פײַערדיקע בוכשטאַבען, מיט װעלכע ס׳איז בײַ מיר אויפ׳ן שטערן און אויף די פליהגעל געשריבען: „דער מלאך װאָס היט אָב דעם אמת״.

אין איין אויגענבליק האָבען זײַ אַלע אין זײער בלומען־יום־טוב פערגעסען און מיט אַ מאָל אַרומגערינגעלט די קלײנע גאַס־עסטראַדע, אויף װעלכער איך האָב זיך אָבגעשטעלט. אײניגע פון זײ האָבען זיך גאָר צו מיר אויף דער עסטראַדע אַרויפגעדראַפּעט און מיך פאַר די הענד און פאַר די פליגעל אָנגעכאַפּט.

— לאָזט איהם נישט אָב, לאָזט איהם נישט אָב, — האָבען די איבעריגע צו זײ געשריען, — זאָל ער אויסזאָגען, װאו ס׳געפינט זיך די בת־מלכה „אמת״.

די בת־מלכה, װעלכע איז די גאַנצע צײַט געװעסען מיט פערמאַכטע אויגען און אַרונטערגעװאָרפענעם קאָפּ, איז פּלוצים אַ פערציטערטע פון אָרט אויפגעשפּרונגען און האָט דעם מלאך פאַר דער האַנד אָנגעכאַפּט.

— װאַרט... האָסטו זײ אויסגעזאָגט? — האָט זי געשװינד אַ פרעג געטהון און דער, אָטעם האָט בײַ איהר פון שרעק אָנגעהויבען שװער און קורץ װערען.

— נײן, — האָט דער מלאך קאַלטבלוטיג געענטפערט, — אָבער איך האָב זײ מײַן װאָרט געגעבען, אַז כ׳װעל בײַ דיר אַן ערלויבונג אויף אויסצוזאָגען נעמען און װעל באַלד צו זײ צוריק פליהען.

די בת־מלכה „אמת״ האָט זיך מיט בײדע הענד פאַר׳ן קאָפּ געכאַפּט און געשװינד גענומען הין און צוריק לויפען.

פּלוצים האָט זי זיך װידער אַ בלאַסע אָבגעשטעלט און זיך פערטראַכט.

— װאַרט, האָט זי פּאַלענדיג אויף איין המצאה צום מלאך געזאָגט: — צוריק קומען צו זײ מוזטו דאָך... דו האָסט זײ דאָך דערויף דײַן װאָרט געגעבען. פליה באַלד אַװעק צו זײ און זאָג, אַז דו האָסט מיך אויפ׳ן פריהעריגען אָרט נישט געטראָפען... אַז דו אַלײן װײסט שוין איצט נישט, װאו איך געפון זיך איצט.

דער מלאך האָט אַ פּאָר טריט צוריק געטהון און זײַן מלאכ׳שע פיגור אויסגעגלײַכט:

— ס׳איז דאָך נישט אמת, — האָט ער פון דאָרט שטאָלץ און שטרענג צו דער בת־מלכה געזאָגט.

און די בת־מלכה האָט רויט װערענדיג דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט און, בײַסענדיג דעם נאָגעל פונ׳ם קלענסטען האַנד־פינגער, שעמעװדיג צוגעגעבען:

— נו, טאָ זאָג זײ אַ ליגען.

בן-אדיר .

# וואס איז אזוינס געשעהן?

I

ווידער אַמאָל די שמד-עפּידעמיע...

דער סעזאָן האָט זיך אויפגעעפענט, און פון דער אידישער גאַס האָבען זיך ווידער אַלאָז געטהון איינע נאָך דער אַנדערער די פערהוּיקערטע געשטאַלטען, וואָס ציהען זיך דורך דער „טבילה“ צום טאָפּ לינזען...

ניט דאָס ערשטע מאָל ווערען מיר געפּלאָגט פון דער דאָזיגער מגפה. אויף דעם לאַנגען וועג פון אונזער היסטאָרישע פערגאַנגענהייט האָט זי בּיי אונז ניט איין מאָל פיעל, זעהר פיעל קרבנות אַוועקגערויבט. די איצטיגע שמד-בּעוועגונג צייכענט זיך אָבער אויס מיט איהר בּעזאָנדערען, אייגענאַרטיגען חאַראַקטער. זי טראָגט אין זיך נייע מאָמענטען, ציהט איהר יניקה פון נייע מקורים. אומזיסט וועט איהר דאָ זוכען די פייערליכקייט, דעם פּאַטאָס, דעם גרויסען און טיעפען טראַגיזם, וואס איז אַזוי אייגענטימליך דאָס רוב שמד-עפּאָכען, וואָס מיר האָבען בּיז איצט איבּערגעלעבּט. אפילו קיין שפור פון דעם וועט איהר דאָ ניט געפינען, אַלץ קומט דאָ פאַר אַזוי גראָה און וואָכעדיג, אַזוי גראָב און ציניש. אויסגעלאָשען בּיז'ן דעק אַלע הייליגע פייערלעך, קיין זכר ניט געבּליבּען פון וועלכע ניט איז אידעאַלע שטרעבּונגען. איהר זעהט נאָר פאַר זיך אַ טיעפען זומפּ, וואו עס בּאָמבּלען זיך עפּיס משונה-ווילדע בּרואים מיט אויסגעקרימטע פון אַנגסט און ליידענשאַפט פנים'ער, מיט אויסגעשטרעקטע קאָנוואולסיווע ציטערענדע הענד, וואָס רייסען זיך מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג צום סיר-הבשר... און אַרום דעם סיר-הבשר דרעהען זיך

אַרום אַלערליי מלאכי=חבלה, וואָס ריכטען דאָ אָב זייער שוידערהאַפטען שדים=טאַנץ. מיט בלוטדורשטיגקייט פון ווילדע חיות, מיט טייוועלשען ציניזם טרעטען זיי מיט די פיס, שפייען אין פנים די דאָזיגע ברואים, אָבער ביי זיי, ביי די ברואים, רופט עס ניט אַרוים קיין ווידערשטאַנד, אַפילו קיין צאָרן: די מענשליכע געפיהלען זיינען דאָ אינגאַנצען אָבגעשטאָרבען, זייערע אויגען דריקען אוים נאָר איין=איינציגען געפיהל, איין=איינציגען תחנונים=געבעט: מיר זיינען גרייט צו קושען די פיס, וואָס טרעטען אונז, מיר זיינען גרייט צו גלעטען די הענד, וואָס שטויסען אונז אָב, טהוט מיט אונז, וואָס איהר ווילט, ערנידעריגט אונז, וויפיעל איהר ווילט, אָבער לאָזט אונז נאָר צו אַהין, אין אונזער „גן=עדן" אַריין...

און אַ גרענצלאָזער עקעל און אַ פערצווייפלונג חאַפּט אייך אָן:

אָט צו וואָס מיר זיינען געקומען נאָך הונדערטער דורות פון מאַרטירער!...

II

וואָס פאָרט איז אַזוינס געשעהען? ווי אַזוי זיינען מיר פאָרט אַהער געקומען?

ווער האָט שוין וועגען דעם ניט געשריבען, און וואָס האָט מען שוין וועגען דעם ניט געשריבען?

אין איין פונקט געהן זיך אָבער כמעט אַלע צונויף: די הויפּט=שילד, די סבה כל הסבות דאַרף מען זוכען אין דער סיסטעם פון אונזער קינדער=ערציהונג.

אָט שרייבט, למשל, דער הער פּאַסמאַניק:

„די שאַרפע איראָניע, דער פּאַטעטישער צאָרן, דער קאַמפּף געגען דער פאַלשער פּריידיגונג וועלען דאָ גאָרנישט קאָנען העלפען. מען דאַרף קעמפּפען געגען די טיעפע וואָרצלען, פון וואַנען עס שטאַמט די דאָזיגע ערשיינונג".

וואו זשע ליעגען בעהאַלטען די טיעפע וואָרצלען?

אָט וואו:

אונזער יוגענד וואַרפט דערפאַר אַזוי לייכט אַוועק אונזערע רייהען, ווייל איהר איז פרעמד אונזער גרויסער עבר, זי איז ניט צוזאַמענגעבונדען מיט די אידעאַלען פון אונזער צוקונפט. „אין אַ מעהר אָדער וועניגער אינטעליגענטע אידישע הויז ערלערנען די קינדער אַלע שבעים לשונות פון די פערשיעדענע פעלקער אויסער די אידישע שפּראַך, זיי שטודירען

די ליטעראַטור און די געשיכטע פון אַלע נאַציאָנען, אויסער אונזער אייגענע געשיכטע און אונזער אייגענע ליטעראַטור. אין אַ געוועהנליכע אינטעליגענטע אידישע הויז זעהט דאָס קינד ניט קיין זכר פון אידישקייט, און ווען אַפילו איין מאָל אין יאָהר, אום יום־כפור, פיהרט דער פאָטער דאָס קינד אין שול אַריין, בלייבט דערפון קיין רושם ניט אין דעם קינד'ס נשמה. ניט בעסער איז די לאַגע ביי אונזערע פאָלקס־מאַסען: מיר האָבען דאָך גענומען זיך צו „רעפאָרמירען" די פאָלקס־מאַסען, צוליעב זייער ערציהונג לייגט מען ביי אונז פאָר בענוטצען זיך אָדער פשוט מיט אושינסקי'ס הרעסטאָמאַטיע, אָדער מיט אַ זשאַרגאָנישער חרעסטאָמאַטיע, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון צופעליגע שטיקלעך".

„ניין! אויף אַזאַ אופן, — לאָזט אוים דער הער פאַסמאַניק, — וועלען מיר פערליערען אונזער גאַנצע יוגענד".

אַלזאָ — דער דיאַגנאָז איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען. דער שרש פון דער מחלה איז אויפגעזוכט. און טאַקע תוך כדי דבור, אינאיינעם מיט'ן דיאַגנאָז, לייגט מען אונז שוין פאָר דעם רעצעפּט, די רפואָה בדיקה ומנוסה.

און אַזוי ווי די מחלה, אַזוי איז אויך די רפואָה גאַנץ פשוט און איינפאַך:

„מיר דאַרפען געבען אונזער יוגענד, אונזערע קינדער אַ נאַציאָנאַלע ערציהונג, זיי זאָלען זיין בעקאַנט מיט אונזער עבר, זיי זאָלען וויסען די גרוים פון יודענטום און זיין אייביגען שאַפען און אייביגען ליידען. יעדעס אידיש־קינד דאַרף ערלערנען, גלייך ווי די קינדער פון אַלע אַנדערע נאַציאָנען, זיין אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך, זיין נאַציאָנאַלע ליטעראַטור, זיין נאַציאָנאַלע געשיכטע, יעדער יוד דאַרף קודם כל צוזאַמענגיסען זיך מיט זיין נאַציאָן אין איהר היסטאָרישע פערגאַנגענהייט".

„נאָר דאָס איז נאָך ניט גענוג!"

„מיט'ן עבר אַליין לעבען נאָר די עבר־בטלים, די זקנים, וועלכע האָבען זיך אייגענטליך אָבגעזאָגט פון לעבען. די יוגענד שעפּט איהר ענערגיע פון צוקונפט, פון דעם צוקונפט־אידעאַל. גיט אונזער יוגענד אַ שעהנעם אידעאַל פון נאַציאָנאַלען צוקונפט, אַ אידעאַל פון אַלזייטיגען נאַציאָנאַלען לעבען, און זי וועט דאַן בלייבען געטריי דעם פאָלק אויף ווייטער אויך".

„מיר זיינען איבערצייגט, שרייבט ווייטער דער הערר פאַסמאַניק, אַז נאָר אויף אַזאַ אופן וועלען מיר קאָנען קעמפען קעגען דעם נאַציאָנאַלען פעררעט, ווען מיר וועלען געבען אונזערע קינדער אַ נאַציאָנאַלע ערציהונג, און אונזער יוגענד, וואָס וועט זיין גרינדליך בעקאַנט מיט אונ־

זערע היסטאָרישע ווערטען, וועלען מיר געבען אַ אידעאַל פון פאָלקסלעבען, דאַן וועלען בײַ אונז ניט זײַן מעהר קײַן נאַציאָנאַלע דיזערטירען".

פשוט און קלאָר!

## III

איך האָב בכיון געבראַכט דאָ דעם גאַנצען תמצית פונ'ם הער פּאַסמאַניק'ס אַרטיקעל, ווײַל ער איז זעהר חאַראַקטעריסטיש פאַר'ן אַרט דענקען פון אונזערע „געשוואָרענע נאַציאָנאַליסטען". אָט אַזוי ווערען פון זײַ בעהאַנדעלט די סאַמע ערנסטע ערשײַנונגען אין אונזער לעבען!

אַזוי אויבערפלעכליך און אַזוי לײַכטזיניג!

— אונזערע קינדער ווײַסען ניט פון אונזער עבר, אונזער יוגענד וויל ניט וויסען פון אונזער עתיד — אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען!

און מען מײַנט, אַז דערמיט איז חאָטש עפּיס געזאָגט געוואָרען, געגעבען געוואָרען אַוועלכע ניט איז ערקלערונג איבער דער „קראַנקער פראַגע". אַ ביטערער טעות! דאָס הײַסט לחלוטין ניט אָנריהרען די ע צ ם פ ר אַ ג ע אין איהר ווירקליכען גרויסען ערנסט, דאָס הײַסט אײַגענטליך אָנשטאָט אײַן פראַגע־צײַכען אַוועקשטעלען אַ צווײַטען, אַ סך אַ גרעסערען.

זאָל זײַן איהר האָט רעכט — און אין תוך אַרײַן זײַנט איהר נ י ט גערעכט, אָדער בכל אופן — ניט אין ג אַ נ צ ע ן גערעכט — זאָל זײַן, אַז די וואָרצלען פון דער שמד־עפּידעמיע דאַרף מען זוכען אין דער סיסטעם פון אונזער קינדער־ערציהונג, דערמיט אָבער טראָגט איהר נאָר איבער דעם שווער־פּונקט פון דער פראַגע פון אײַן קראַנקען אָרט אויף אַ צווײַטען, אַ סך אַ קראַנקערען. ווײַל — די פראַגע, פ אַ ר וו אָ ס ז שׁ ע פ אָ ר ט גיבען מיר אונזער יוגענד אַזאַ ערציהונג, דאָס זי ווערט אונז אין גאַנצען פרעמד — אָט די פראַגע איז פיעל האַרבער, אויב איהר ווילט פיעל טראַגישער פון דער פראַגע, פאַר וואָס אײַניגע עלעמענטען פון דער יוגענד רײַסען סוף־כל־סוף איבער דעם לעצטען פאָדעם בונד מיט אונז. דאָ האָבען מיר שוין צו טהון ניט מיט אַ עפּידעמיע, מיט עפּיס אַ נאָכווײַעניש, ניט מיט קײַן צײַטווײַליגע ערשײַנונג, נאָר מיט אַ מעכטיגער געזעלשאַפטליכער סטיחיע, מיט אַ געזעצמעסיגען היסטאָרישען פ ר אָ צ ע ס. און מיר קאָנען פערזיכערן דעם הער פּאַסמאַניק אַז די שאַרפסטע איראָניע, דער פאַטעטישער צאָרן, דער קאַמפף קעגען דער פאַלשער פרײַ־

דיגונג וועלען אויך דאָ, אָדער איבערהויפּט דאָ, קיין שום רושם ניט מאַכען, ווייל אויך דאָ, אָדער איבערהויפּט דאָ, דאַרף מען קעמפּ־פען קעגען די טיעפע וואָרצלען, פון וואַנען עס שטאַמט די דאָזיגע ער־שיינונג. נאָר ווען די פּאסמאַניק'ס און זייער גלייכען וואָלטען זיין אים־שטאַנד ווירקליך תּופס זיין דעם גאַנג פון דעם היסטאָרישען פּראָצעס, פערנעהמען אַביסעל טיעפער דעם צוזאַמענהאַנג פון די געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען, דאַן וואָלט פאַר זיי קלאָר ווערען, אַז דער נייסטער לאָזונג זייערער, דאָס לעצטע וואָרט פון זייער פּאָליטישער וויזהייט: „מיר דאַרפען געבען אונזערע קינדער, אונזער יוגענד אַ נאַציאָנאַלע ערציהונג"—איז ניט מעהר און ניט וועניגער ווי „אַ פרומער וואונש", איינער פון די פילע „פרומע וואונשען", וואָס זיינען ניט מעלה און ניט מוריד, וואָס ריהרען אויף אַ האָר ניט אָן די רעאַלע ווירקליכקייט.

אמת, דער דאָזיגער „פרומער וואונש" ווערט אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ ברייט־קייט, מיט אַזאַ פייערליכקייט, דאָס אויף אַ ווײַלע ווערט איהר פערטומעלט פון די קלינגענדע פראַזען, און אייך הויבט זיך ווירקליך אָן צו דאַכטען, אַז איהר האָט דאָ צו טהון ניט מיט אויסגעדראָשענע, אַרום און אַרום מיט שימעל בעדעקטע געדאַנקען, נאָר מיט עפּיס אַ נייער „געניאַלער" ערפינדונג, און איהר הויבט אָן צו טראַכטען: ניט אומזיסט האָבען מיר צעהנדליגער יאָהרען נאָכאַנאַנד געפיהרט אַ פערביטערטען קאַמפּף קעגען דער אַסימי־ליאַציע. מיר זיינען אַפילו געקומען צו דער שמד־עפּידעמיע, דערפאַר אָבער האָט טאַקע אָט די שמד־עפּידעמיע רייך געמאַכט אונז מיט אַ נייער און גרויסער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אידעע!

— מיר דאַרפען געבען אונזערע קינדער, אונזער יוגענד אַ נאַציאָנאַלע ערציהונג!

ווי איינפאַך, און אין דער זעלבער צייט — ווי טיפזיניג!

און ווי בײַ אַלע איינפאַכע, נאָר אין תּוך אַריין געניאַלע ערפינ־דונגען לאָזט אייך ניט אָב די פראַגע: ווי אַזוי האָבען מיר זיך ביז איצט דערויף ניט אָנגעשטויסען? דאַכט זיך, אַלץ אַרום אונז האָט „אַזוי ווי געבעטען", מען זאָל זיך דערויף אָנשטויסען, אַלץ האָט ניט ווילענדיג געטריבען דערצו, געטייטעלט דערויף מיט די פינגער, און מיר...

נאָר דאָ — פאַלט פּלוצים אַראָב די פאָרהאַנג פון די אויגען, איהר האַפּט זיך אויף פון זיסען חלום און דערמאָנט זיך:

סטייטש: מיר האָבען דאָך טאַקע צעהנדליגער יאָה־רען נאָכאַנאַנד ניט אויפגעהערט אויף אַלערליי אופנים, בײַ אַלערליי געלעגענהייטען צו שמועסען און צו פּריי־דיגען וועגען דעם, און דאָך...

און דאָך זײַנען מיר געקומען דערצו, אַז ניט נאָר בײַ דער אַסימי־לירטער, נאָר אַפילו בײַ דער העכסט־נאַציאָנאַל געזאָנענער אינטעליגענץ אונזערער „ערלערנען די קינדער אַלע שבעים לשונות פון די פערשידענע פעלקער, אויסער די אידישע שפּראַך, שטודירען די ליטעראַטור און געשיכטע פון אַלע נאַציאָנען, אויסער אונזער אייגענע געשיכטע און אונזער אייגענע ליטעראַטור". עס איז דאָך אויך קיין סוד ניט פאַר קיינעם, אַז אַפילו אין די עכט־ציוניסטישע הײַזער זעהען די קינדער קיין זכר ניט פון אידישקייט פונקט אַזוי ווי אין די עכט־אַסימילירטע הײַזער.

יאָ, מיר האָבען טאַקע געפּרעדיגט, געשאָטען פעך און שוועבעל אויף די קעפּ פון די „ווידערשפּעניגע", אויסגעגאָסען אויף זיי אונזער גאַנצע גרין און גאַל, און — דאָס לעבען אָבער האָט געטהון זײַנס! מוסר־זאָגער האָבען אונז קיינמאָל ניט געפעהלט: מיר זײַנען דאָך עפּיס בני־נביאים. נאָר די צרה איז, וואָס מוסר העלפט דאָ לחלוטין ניט. מיט מוסר קאָן מען דאָ לחלוטין גאָרנישט אויפטהון. ווײַל — „מען דאַרף קעמפּפען קעגען די טיעפע וואָרצלען, פון וואַנען עס שטאַמט די דאָזיגע ערשײַנונג"...

IV

„ק ע מ פּ פ ע ן קעגען די טיעפע וואָרצלען"...

אַפילו ז ו כ ע ן זיי זײַנען אונזערע „געשוואָרענע נאַציאָנאַליסטען" אויך ניט פעהיג. דאָ שטעקט פאַר זיי אַ ערנסטער געפאַהר, זיי זאָלען אויפ'ן וועג ניט אָנוועהרען דעם גרעסטען טײַל פון זייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישען באַגאַזש... כּדי צו זײַן אומשטאַנד דערקלײַבען זיך צו די ווירקליכע סבות, וואָס האָבען אַרויסגערופען די שמד־עפּידעמיע, וואָלטען זיי געמוזט אומוועהרטען זעהר פיעל וועהרטען פון זייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישען אני־מאמין, זיי וואָלטען אַפילו געמוזט קומען צום טרויעריגען בעשלוס, דאָס די גאַנצע סיסטעם פון זייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער טעטיגקייט פיהרט זעלבסט אין אַ געוויסער מאָס צו דער שמד־עפּידעמיע...

איך ווייס — די דאָזיגע בעהויפּטונג קלינגט פּאַראַדאָקסאַל. זיי, די „געשוואָרענע נאַציאָנאַליסטען" זעלבסט, וועלען געוויס ערקלערען אַזאַ מיינונג פאַר אַ טיעפער, ניט פערדינטער בעליידיגונג: סטײַטש! מ י ר, וועלכע טהוען אײַן זאַך און הערען ניט אויף צו נאַציאָנאַליזירען דאָס יודענטהום, מ י ר, וועלכע הערען ניט אויף צו פיהרען אַ ענטשיידענסטען קאַמפּף קעגען דער אַסימיליאַציע, מ י ר, וועלכע פערמאָגען שוין אין

אונזער אקטיוו א לאנגע קייט פון נאציאנאלע מעשים, — מיר פיהרען צו דער שמד-עפידעמיע?! שומו שמים!

און דאך איז פארט די מעשה אזוי. דא קומט פאר פאר אונזערע אויגען א טיעפע היסטארישע טראגעדיע, איינע פון יענע וועלט-טראגעדיען, וואס דאס רוב דערגרייכען זיי ניט ביז'ן בעוואוסטזיין פון די מענשען, וואס שאפען זיי און טראגען זיי אין זיך, און דערום, צום גליק אדער אונגליק, ווערען זיי סוביעקטיוו ניט איבערגעלעבט... מענשען לייגען אוועק די לעצטע כחות, דעם גאנצען פייער פון זייער האפען און גלויבען אום אונטערצוגראבען זיך אונטער דעם אייגענעם היילינגען טעמפעל, צוליעב וועלכען קיינע קרבנות וואלט פאר זיי ניט צו טייער געווען... איז עס ניט א גרויזאמע טראגעדיע!

יא, יאהרען לאנג האט איהר ניט אויפגעהערט צו קעמפפען קעגען דער אסימיליאציע, אבער אייער קאמפף איז געווען אזא, דאס ער האט ניט געקאנט אויסמיידען די שמד-עפידעמיע. יאהרען לאנג האט איהר פעסט געדריקט אין האנד די צוויי עקען פון אונזער היסטארישער קייט די פערגאנגענהייט און די צוקונפט — איהר האט אבער ניט געוואלט וויסען פון געגענווארט, איהר האט מיט פעראכטונג איגנארירט דעם היינט, דאס רעאלע לעבען, די קאנקרעטע ווירקליכקייט, און איהר וואונדערט זיך, וואס די קייט האט זיך סוף-כל-סוף איבערגעריסען? דאס איז ניט קיין צופעליגע קאטאסטראפע, נאר א נאטירליכע, געזעצמעסיגע ערשיינונג. דער היינט, די געגענווארט, די קאנקרעטע אלטעגליכע ווירקליכקייט — דאס איז דער יסוד, דער באזיס, פון וועלכען עס ציהען זיך אלערליי פעדים אין דער טיעף און אין דער הויך — צום עבר און צום עתיד, לאזט איהר אבער ארויס פון אונטער די פיס דעם דאזיגען באדען, וועט איהר אומזיסט אנכאפען זיך פאר די פעדים: זיי וועלען ווי שפינוועבס צוקריכען אין אייערע הענד. דאס איז געוויס א אויסגעדראשענעם טרואיזם, און דאך וויל מען ביי אונז פון איהם ניט וויסען. און דערנאך, בשעת דער קלענסטער ווינטעל צעשמעטערט די שפינוועבס פאר אונזערע אויגען, שטעהען מיר ענשטוינטע פאר דער „וואונדערבארער רעטעניש”.

דארפען מיר דען האבען א שארפערע, מעהר בעלערענדע אילוסטראציע, ווי טאקע די שמד-עפידעמיע — אט דער קרומער שפיגעל פון אונזער היינטיגער ווירקליכקייט?

איך וויל נאטירליך ניט איבערשאצען איהר ווירקליכען נאציאנאל-פאליטישען געוויכט. איך מוז זאגען, אז דער פאקט אליין, וואס הונדערטער משומדים רייסען זיך פון אונז אב און געהען אוועק, אט דער פאקט אליין, אן און

פיר זיך, איז גאָר ניט ווערט, מען זאָל זיך מיט איהם אַזוי פיעל מטפל זיין.
זאָלען זיי זיך געהן... די ערשיינונג האָט דאָך אָבער אַ העכסט סימפּ-
טאָמאַטישע בעדייטונג. זי בעוויזט דאָך שאַרף און בולט, אַז ביי
אונז קומט איצט פאָר אַ אינערליכער פוילענס-פּראָצעס. מען זאָגט: „דאָס
זיינען בלויז די פּסלת פון פאָלק, זיי האָדעווען זיך ערגיץ אויף אונזערע
הינטער-געסלעך, מיר קעהרען זיך מיט זיי ניט אָן". אַ פאַלשע טרייסט!
פיהלט איהר דען ניט, אַז דאָס איז עצם מעצמנו ובשר מבשרנו? זעהט
איהר דען ניט הינטער די פּלייצעס פון די הונדערטער נאָך טויזענטער, וואָס
קוקען מיט קנאה אויף די „דרייסטע חברים" און האָבען נאָר קיין „מוט"
ניט נאָכצוטהון זיי? ניין, דאָ האָבען מיר פאַר זיך ניט קיין צופעליגע
ערשיינונג. דאָ וועבט זיך פאַר אונזער אויגען אַ פרישעס בלאַט אין אונ-
זער נייסטער געשיכטע, מיט טויזענטער פעדעם איז עס איינג צוזאַמענ-
געפלאָכטען מיט אונזער גאַנצער ווירקליכקייט פאַר די לעצטע עטליכע
יאָהרען.

און טאַקע דערפאַר קאָן די שמד-עפּידעמיע דיענען אַלס אַ טיעף
בעלעהרענדע אילוסטראַציע.

V*)

וואָס זשע פאָרט לערנט זי אונז?
אָט וואָס!

די שמד-עפּידעמיע איז אַראָפּגעפאַלען אויף אונזער קאָפּ, ווי אַ דו-
נער אין אַ העלען זונען-טאָג: פּלוצים, אונערוואַרטעט. דאַכט זיך, קיין
ערגערע, ווענינער גינסטיגע צייט האָט זי גאָרניט געקאָנט פאַר זיך אויס-
קלייבען. שוין לאַנג, זעהר לאַנג, דאַכט זיך, האָט ניט געהערשט אויף
אונזער גאַס אַזאַ „געדיכטע" נאַציאָנאַלע שטימונג, ווי איצט. עס זיינען
פערשוואונדען געוואָרען די אַלגעמיינע, בירגערליכע פּאַרטיי-
לאָזונגען. די גאַנצע לופט איז אָנגעזאַפּט מיט נאַציאָנאַלע איבערלע-
בונגען. מיט האַס און שפּאָט האָט מען אַרויסגעיאָגט די „חברים", וואָס
האָבען געגעדט עפּיס פון קלאַסען-קאַמפּף, פון „נאַציאָנאַלען פּרוד", אַלע
אין איין קול פרייִדיגען שוין כל-ישראל-פּאָליטיק, אַלע אין איין קול זינגען שירה
דעם גאָט פון נאַציאָנאַלען אחדות. פאַר דער אַסימיליאַציאָנס-אידעאָלאָגיע

---

*) מיט דעם הויפּט-געדאַנק פונ'ם געעהרטען מחבר אין דעם קאַפּיטעל זיינען
איינינע מיטגליעדער פון דער רעדאַקציע נישט מסכים. רעד.

זיינען אנגעשטאנען אזעלכע שווערע יאהרען, וואס אונזערע פאטערס או זיידעס געדענקען עס ניט. נאטירליך, ביי אזא פינסטערער עת־צרה, ווען דער איד בעגעגענט פון אלע זייטען אזא גרענצלאזען האס און פעראכ־טונג, לאזט זיך ניט פריידיגען קיין אסימיליאציע, עס ווערט פערגליווערט אויף די ליפען דער פייערליכער רוף צו צונויפגיסונג און צונויפשמעלצונג...
דערצו האט מען דאך ביי אונז געפרובט עפיס בויען אויף די סאציאל־פאליטישע חורבונות א פרעכטיגען בנין פון נאציאנאל־קולטורעלען רענע־סאנס. דערצו — זיינען דאך ענטשטאנען ביי אונז רבו־רבבות נאציאנאל־קולטורעלע פעראיינען און מילי־מיליאסען חברות „חובבי שפה־עבר" און די בערימטע „הסתדרות" אויך. דערצו — די טויזענטער בעלי־תשובות, וואס הערען ניט אויף צו קלאפען זיך על־חטא, רופען צוריק צו אונזער עבר צו אידישקייט — וואס זיינען זיי ווערט! דערצו... אטו איזל כרוכלא זאל איך געהן אויסרעכענען אלץ, און איהר אליין ווייסט דען פון דעם ניט?... און ניט פערגעסט: דאס אלץ בלויז דא, אין גלות. אצינד — דארט, אין דער הייליגער לאנד, וואס דארף מגין זיין אויף אונז, שיקען אונז איהר השפעה...
און צו'ם סוף...
און צו'ם סוף — די שמד־עפידעמיע...
און איך טראג זיך אויף א וויילע איבער אין אנ'אנדערע עפאכע, גאר ניט לאנג — און צייטענווייס ווייזט זיך מיר אויס, אז שוין זעהר לאנג... — ווען אין לופט האט מיט פריהלינג געשמעקט. דעמאלט האבען די „חברים" געהערשט אויף דער אידישער גאס. זייער שטים האט זיך מעכטיגער פון אלע געלאזט הערען. און זיי האבען טאקע גערעדט, און הויך, שטארק גערעדט, פון קלאסענקאמפף, פון „נאציאנאלען פרוד", דעמאלט האט מען נאך ביי אונז ניט גע'חלומ'ט פון נאציאנאל־קולטורעלען רענעסאנס: עס האט געפעלט דער פונדאמענט — די סאציאל־פאליטישע חורבונות, דעמאלט האבען געוועלטיגט די אלגעמיינע, בירגערליכע לאַ־זונגען, דעמאלט זיינען ניט געוועזן ענשטאנען די תרפ"ט אלפים נאציאנאל־קולטורעלע פעראיינען און חברות חובבי־שפת עבר. קורץ — דעמאלט האט נאך דער שר של אומה ניט פערשפרייט אויף אונז זיינע גרויסע און ברייטע פליגלען און האט אונז נאך ניט אבגעהיט פון יעדער נאציאנאלער פגע־רע.

געוויס וועט איהר זאגען, און האט דאס טאקע ניט איין מאל ארויסגעזאגט — א טרויעריגע, א פינסטערע צייט איז עס געוועזן פאר'ן אידישען נאציאנאליזם, זאל זי זיך שוין ניט אומקעהרען... נאר זייט זיך מודה — איין ליכטיגם פינטעל איז דאך דאן געוועזן צו בעמערקען: פון

דער שמד־עפּידעמיע האָבען מיר דעמאָלט ניט געוואוסט און ניט געקאָנט וויסען. פאַר איהר איז דאַן גאָר קיין אָרט ניט געווען אין אונזער לעבען.

און ווייסט איהר אפשר פאַר וואָס?

פּשוט דערפאַר — ווײַל דעמאָלט האָט דאָס פאָלקס־לעבען געקאָכט און געזאָדען, ווי אין מעכטיגען וואַסער־פאַל. דאָס איז אמת געווען אַן אַלגעמיינעם בירגערליכעס לעבען, אָהן דעם שטעמפּעל פון איינער נאַציאָנאַלען הכשר, אָבער אין תּוך אַריין איז עס פאָרט געווען אַ העכסט נאַציאָנאַלעס לעבען אין דעם בעסטען און ווירקליכסטען זין פון וואָרט, ווײַל — ווען דאָס פאָלק, ווען דאָס גאַנצע פאָלק לעבט געזעלשאַפטליך־אינטענסיוו, ווען די גרויסע פאָלקס־מאַסען ערוואַכען זיך צום פרייען לעבען און אַקטיווער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט — דאַן געשיהט דער גרויסער וואונדער: בלא יודעים, אָהן ווען מען ניט איז פאָראויסגעזעהנע כּונות וואַקסט אויס די נאַציאָן און אין איינעם מיט איהר — ענטשטעהט אַ רייכעס נאַציאָנאַל־קולטורעלעס לעבען.

און איצט? איצט איז בײַ אונז אַפּילו אויף אַלץ אַוועקגעלעגט געוואָרען אַ לויטערער שטעמפּעל פון נאַציאָנאַלען הכשר. אָבער די נשמה איז אַרויסגעפלויגען, דער „אש תּמיד” איז אויסגעלאָשען געוואָרען, אויפ'ן גאַס איז שטיל ווי אויפ'ן בית־הקברות: ניטאָ קיין לעבען, ניטאָ קיין בעוועגונג, „שרפת הנשמה והגוף קיים”. און אין דער פערפעסטעטער לופט, וואָס שטיקט ביז צום ווערגען, אין דעם גרויסזאַמען שעמום, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלעם און אַלעם, דרעהען זיך אַרום טויטע אויסגעטריקענטע נפשות, שרעקליכע אין זייער וויסטקייט, עלענדקייט און איינזאַמקייט. אָט די נפשות קאָן גאָרנישט אויפהאַלטען אויף דער אידישער גאַס, גאָר נישט צובונדען צו'ם אידישען פאָלק. זאָלען זיי זיין דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט אונזער נאַציאָנאַלען עבר, זאָלען זיי אַפּילו ווען ניט איז געהאַט געטרוימט פון אונזער נאַציאָנאַלען צוקונפט — ווי שפּינוועבס איז עס בײַ זיי צוקראָכען, ווײַל דאָס האָט ניט אויף וואָס אָנצושפּאַרען זיך, מיט וואָס צוזאַמענגיסען זיך — עס האָט קיין חזוק ניט...

איך ווייס -- דאָס אַלץ איז ווידער אויסגעדראָשענע טרואיזמען. אָבער וואָס טהוט מען, אַז בײַ אונז איז מען שטאָק בלינד און מען וויל פון זיי ניט וויסען. עס קומט אויס ווילענדיג ניט ווילענדיג ניט איין מאָל איבער־חזר'ן זיי.

וואָרום, ווען אונזער „געשוואָרענע נאַציאָנאַליסטען” וואָלטען ווירקליך פיעל ניט איז פערמאָגען אין זייער גייסטיגען אוצר פון די קלאָרע און

פּשוט'ע אמת'ן, וואָלטען זײַ גאַנץ אָפּט ניט אונטערגעבראָכען דעם צווײַג, אויף וועלכן זײַ זעלבסט זיצען...

און ווי אָפּט, ווי לײַכטזיניג זײַ ברעכען אונטער דעם דאָזיגען צווײַג.

אויב איהר ווילט — אַ פּאָר בײַשפּילען, אַ פּאָר פון טויזענד.

איך האָב שוין אָנגעוויזען דערויף, ווי אַזוי מען האָט בײַ אונז בע־גלײַט די „חברים", ווען זײַ זענען אַראָב פון אונזער געזעלשאַפטליכער „אַוואַן־סצענע". מען דאַרף אָבער צוגעבען, אַז אין דעם „קאַצען־קאָנצערט" האָבען זיך הילכיגער פון אַלעמען, אויסגעלאַסענער פון אַלעמען און ציגישער פון אַלעמען געלאָזט הערען די שטימען פון אונזערע „געשוואָ־רענע נאַציאָנאַליסטען"... דעם נצחון — דעם פאָלקאָמען נצחון זאָלען זײַ איצט פײַערן...

און אָט נאָך אײנס, וואָס קומט שוין פאַר הײַנטיגען טאָג אויף אונ־זערע אויגען. טאַקע מענינא דיומא.

אויפ'ן לעצטען ציוניסטען־קאָנגרעס האָט מען ערקלערט אַ ביטערן קאַמפּף אידיש — דער מוטער־שפּראַך פון פאָלק. דער ראש־שבחבורה האָט זאָגאַר אַרויסגעלאָזען אַ פײַערליכע — פון הײַנט אָן „אַ היסטאָרישע" — ערקלערונג: אָדער העברעאיש, אָדער רוסיש, און קײן פאַל ניט זשאַר־גאָן! אידיש איז טרפה, דאָרט הערשט די קליפּה, אידיש דאַרף אין חרם אַרײַנגעבראַכט ווערען! שוין בעסער בלאָזען אין איוואַנ'ס שופר...

דאַרף מען דען צוגעבען, אַז ווען זײַ וואָלטען געזיגט, וואָלט סוף־כל־סוף טאַקע אויסגעקומען צו בלאָזען אין איוואַנ'ס שופר?...

אָדער נײן — מיר וואָלטען שוין בכלל קײן שופר מעהר ניט גע־בלאָזען: פון אונז וואָלט שוין דאַן געוואָרען אַ גל של עצמות...

* *

*

ווידער די שמד־עפּידעמיע...

דאָס איז בײַ אונז ניט די ערשטע נאָכווײעניש פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר.

דער באָדען איז שוין געוועזען צוגעגרײַט.

מיר זײַנען געגאַנגען פאַמעליך, בהדרגה:

פון סאַניגען, איבער נאַט־פּינקערטאָן צו דער שמד־עפּידעמיע. דאָס זײַנען אַלץ ערשײַנונגען פון אײנעם און דעם זעלבען אַרט, זײַ נעהמען זיך פון אײנעם אין דעם זעלבען שרש, ציהען זײער יניקה פון אײנעם און דעם זעלבען מקור. ס'איז אָבער דאָ צווישען זײַ אויך אַ טיעפער

אונטערשיעד, וואָס ס'איז כּדאי אונטערצושטרייכלען. מיר זעהען דאָ ניט בלויז אַ איבערגאַנג, נאָר אויך אַ ענטוויקלונג, אַ עוואָליוציאָנס פּראָצעס.

סאַניג'ען און נאַט-פּינקערטאָנען האָבען מיר גענומען אויף פּראָקאַט ביי פּרעמדע, מיר האבען דערביי בלויז נאָכגעמאַכט, קאָפּירט אַ פּרעמדען מוסטער.

די שמד-עפּידעמיע איז אונזער אייגענע אָריגינעלע „ערפינדונג", דאָס איז דורך אין דורך „אַ אייגענאַרטיגע" ערשיינונג אין אונזער לעבען.

אפשר זאָל דאָס זיין אונזער טרייסט?...



אויף דער זייט 110 איז דורכגעלאָזען געוואָרען נאָך די ווערטער: אָט שרייבט, למשל, דער הער פּאַסמאַניק—„זעה ראַזסוועט 40 № 1911 יאָהר".

ש. ניגער.

# אַ קאָנגרעס אָדער קאָנגרעסען.

## I

... מיט די „טײַטשען” האָט מען גערעדט װעגען דעם רעיון פֿון אַנ׳אַלװעלטליכען יודישען קאָנגרעס מעשה מענש: די לאַגע פֿון יודען אין רוסלאַנד, אין רומיניען איז נישט צו פֿאַרטראָגען, פֿון טאָג צו טאָג װערען די רדיפות שטאַרקער, בײזער, מיט דײַטשלאַנד איז מען אויך נישט זיכער, אָסט־אײראָפּע איז אַ שלעכט בײַשפּיעל, די יודען פֿראַגע איז אַ קלעפּיגע מחלה און אַז. װ. און אַז. װ. מען האָט געזוכט אָנצורופען מיט׳ן נאָמען רעאַלע, לעבעדיגע אינטערעסען, ברענענדיגע פֿראַגען, װאָס װאַרטען אויף אַנ׳ענטפֿער ... צו די טײַטשע יודען קאָן מען נישט קומען סתם מיט „פּראָיעקטען”, מיט גװאַלדען, מיט מליצות װעגען כלל ישראל ... װײַל טײַטשע יודען זײַנען שלעכטע, קאַלטע, אינדיפֿערענטנע יודען? ניין, װײַל זײ זײַנען געבילדעטע יודען און פֿערלאַנגען מען זאָל האָבען דרך־ארץ פֿאַר זײ און ניט טומלען זײ דעם קאָפּ מיט עצות גלאַט אין דער װעלט אַרײַן. די טײַטשע „גלויבענס גענאָסען”, װאָס אַלײן זײַנען זײ דאָך אַסימילירט כלומר׳שט מיט די טײַטשען, האָבען, נישקשה, נאָך גאַנץ געװוג כח צו אַסימילירען מיט זיך דעם רוסישען אָדער גאַליצישען יודען, װען ער פּרובט זיך מישען אין זײערע געשעפֿטען, — צו „אַסימילירען” איהם אַזוי פֿיעל, אַז, װען ער קומט צו זײ מיט אַנ׳עניין, זאָל ער רײדען, חאָטש אין האַרצען איז ער זײ מבטל, װי אַזאַ יוד קען נאָר מבטל זײַן — אויף זײער לשון, נאָך זײערע השגות נאָך, אויב ער װיל, מען זאָל איהם הערען ...

מיט אונז, רוסישע יודען, אָבער איז ניטאָ וואָס צו צערעמאָניען זיך: אייגענע מענשען. און אפשר רעדט מען מיט אונז אויך אויף אונזער לשון, ווי מ י ר זיינען געוואוינט — און אויך וועגען קאָנגרעס האָט מען גערעדט מיט אונז אויף אונזער לשון, ווי מיר זיינען געוואוינט, ד. ה. ס ת ם א י ן ד ע ר וו ע ל ט א ר י י ן. מען האָט ניט געשריבען וועגען קאָנגרעס, נאָר געפויקט; מען האָט געזוכט הויכע ווערטער, נישט קיין קלאָרע, און פון דעם כמעט קאָנקרעטען פלאַן צונויפרופען אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל פראָטעסטירען געגען דער יודישער רעכטלאָזיגקייט, און מיט אַלגעמיין יודישע קרעפטען זוכען מיטלען, ווי אַזוי זי צו פערקלענערען אָדער אינגאַנצען אָבשאַפען, — פון דעם כמעט קאָנקרעטען און גאָר ניט אַזוי אונפראַקטישען פלאַן איז געוואָרען ביי א ו נ ז אין דער פרעסע עפּעס אַ מישמאַש, אַ הו־האַ, אַ יריד, אַ פערפלאָנטערטער חלום, וואָס יעדער איז איהם פותר, ווי איהם געפעהלט.

און נאָך אַ זאַך:

מיר זיינען, דאַנקען גאָט, אַלע, דאַכט זיך, מוכן ומזומן בעגייסטערט צו ווערען פון יעדען פראָיעקט, וואָס עס רוהט אויף איהם דער גלאַנץ, די שכינה פון דער צוקונפט, דאָך האָט דער געדאַנק פון אַנ׳אַלוועלטליכען יודישען קאָנגרעס, פון אַ „יודישען פּאַרלאַמענט", פון אַ „קאָפּ" פאַר׳ן יודישען פאָלקס־קערפער, דער געדאַנק, וואָס איז דאָך אַודאי און אַודאי אַ שענער, אַ טייערער צוקונפטס געדאַנק, אויף קיינעם קיין איינדרוק קיין שטאַרקען נישט געמאַכט, אַ חוץ אויף אַ פּאָר פּער׳עקשנ׳טע, פון זיך אַליין בעגייסטערטע קעפּ.

פון וואַנען נעמט זיך עס? דערפון, וואָס די עצם אידעע און איהר אַלגעמיינער געשטאַלט איז קיין נייעס ניט פאַר אונז? ווייל מיט אַ צייט צוריק האָט מען גערעדט שוין וועגען איהר אין דער פרעסע?

ניין, עס נעמט זיך דערפון, וואָס מען האָט זי, די אידעע, א י ן ל ע ב ע ן ג ו פ א, שוין געפּרובט אַ מאָל דורכפיהרען.

וואָס האָט דען דער צ י ו נ י ס ט י ש ע ר קאָנגרעס געוואָלט זיין, אויב ניט אַזאַ „קאָפּ" פונ׳ם יודישען פאָלק, אויב ניט אַזאַ „נאַציאָנאַלער פּאַרלאַמענט"? פאַר וואָס זאָל מען זיין אונדאַנקבאַר און פערגעסען, אַז דער רעיון פון אַנ׳אַלוועלטליכען יודישען קאָנגרעס געהערט דעם ציוניזם און זיינע פאָרלויפער? וועט מען זאָגען: דער קאָנגרעס פון די ציוניסטען איז פאַרבונדען מיט איין בעשטימטען אידעאַל, מיט איין בעשטימטער פּאַרטיי; אָבער יעדער קאָנגרעס, אַזוי ווי יעדער פּאַרלאַמענט, וואָס איז געשאַפען פון אַ סאָציאַל און קולטורעל דיפערענצירטען פאָלק, מוז, אויב ער וויל עפּעס טהון און אויפטהון, ווערען דער קאָנגרעס פון אַ בעשטימטע

פּאַרטייַ. דער חלוק איז נאָר, וואָס דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז פון אָנהויב אָן אַ פּאַרטייַ אינסטיטוציע, הגם אויך ער האָט גערעדט אין נאָמען פונ׳ם גאַנצען פאָלק, — פאַר׳ן אַלגעמיין־יודישען קאָנגרעס וואָלטען זיך אַרומגעריסען פריהער פערשיידענע פּאַרטייען; אָבער דערנאָך וואָלט ער אויך געמוזט אַרייַנפאַלען, סוף כל סוף, אין די הענד פון דער אָדער יענער פּאַרטייַ, און פאַרלירען דערמיט זייַן אַלגעמיין יודישען, אַלגעמיין־נאַציאָנאַלען האַראַקטער. די, וואָס מאַכען זיך נישט וויסענדיג דערפון און רעדען וועגען אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל אין זייַנע החלטות אין זייַן פּאָזיטיווער אַרבייַט, נישט נאָר אין די דעבאַטען, אויסדריקען דעם ווילען פון גאַנצען יודישען פאָלק, די, וואָס מאַכען זיך תמ׳עוואַטע און רייַדען אַזוי, ווייַזען נאָר, אַז זיי האָבען אין דער פראַגע געמאַכט אַ טריט צוריק: פון אַ אידעע, וואָס האָט שוין געוועסט אַמאָל אָנגעקליידט זיך אין פלייש און בלוט, האָבען זיי געמאַכט ווידער אַן׳אַבסטראַקציע, אַ טרוקענע ביין; אָנשטאָט זיך אַראָבצונעמען אַ מוסר פון דער ערפאַהרונג, וואָס דער פאָטער פון דער אידעע, דער ציוניזם, האָט שוין דורכגעמאַכט, האָבען זיי גענומען נאָר איהר טויטע סכעמע, איהר סקעלעט: כל ישראל חברים, אַלע יודען זייַנען ברידער, — בכן האָט מען געלאָזט בעטען אויפ׳ן קאָנגרעס!

דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אויך געווען אין אָנהויב אַן׳אַבסטראַקטע זאַך, אַ רוחניות, און ער האָט זיך ווייניג וואָס אָבגעגעבען מיט פּראַקטישער אַרבייַט, ווען מען זאָל ניט רעכענען פאַר אַזאַ אַרבייַט די אָרגאַניזירונג פון דער ציוניסטישער פּאַרטייַ; דאָך האָט דער קאָנגרעס עקזיסטירט און ניט סתם עקזיסטירט, — אַ לענגערע צייַט איז ער געשטאַנען אין רעכטען מיטען, אין סאַמע ברען פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, ווייַל, חאָטש ער איז געווען דער קאָנגרעס פון איין פּאַרטייַ, פון איין טייל פונ׳ם יודישען פאָלק, האָט דאָך אָבער געפלאַטערט איבער איהם די אַלטע פאָהן פון דער אַלטער נאַציאָנאַלער האָפנונג . . . דער טעריטאָריאַליזם, וואָס האָט שוין זייַן גאַנצען חיות, זייַן לעבענס זאַפט געצויגען, פון דער געגענוואַרט, ניט פון דער טראַדיציע, דער טעריטאָריאַליזם האָט געקאָנט אויפהאַלטען אַ בעוועגונג, אַ מאַסען־בעגייַסטערונג, נאָר כל זמן ס׳האָט זיך געדוכט אַז ס׳איז אַ קאָנקרעטע זאַך, טאַקע אַ מין געגענוואַרטס־אַרבייַט, אָט־אָט וועט זיך פאַר די עמיגראַנטען, פאַר די אייביגע נע־ונד׳ניקעס פאַר די, וואָס אַנטלויפען פון פּאָגראָמען, געפינען זיך אַ היים, וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען; אַ מעהר אָדער ווייניגער דויערנדיגען נאַציאָנאַלען עקסטאַז, אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס זאָל זייַן ניט קיין מיטעל, נאָר כמעט אַזוי ווי אַ ציעל פאַר זיך, אָהן קיין שום האָפנונג אויף גיכע נאַ־

ציאָנאַלע הילף, דאָס האָט (מען מוז עס איצט מודה זיין) נאָר דער ציוניזם געקענט שאַפען: אַ געוואוינטליכען פויגעל איז גוט, אַז מען האָט איהם „אין האַנד”, אַנ'אָדלער אָבער קען אונז פרעהען אויך אין הימעל, אין די וואָלקענס...

אָבער אויך דער ציוניזם, דער קאָנגרעס פון די ציוניסטען האָט נישט געקאָנט בלייבען הענגען אין די וואָלקענס. צו האָפענונגען, צו די שעהנסטע אַפילו, ווען זיי בלייבען האָפנונגען אַ צו־לאַנגע צייט — ווערט מען געוואוינט, און זיי הערען אויף צו בעגייסטערען, זיי הערען אויף צו וועקען די פאַנטאַזיע, צו שטאַרקען דעם ווילען. גרויסע ווערטער זיינען גרויס נאָר איינמאָל, ווען איז צו די, וואָס הויבען זיי אָן איבערצוחזר'ן; אידעאַלען זיינען געגליכען צו וואולקאַנישע בערג, וואָס ווי־ערער און ווידער הויבען זיי אָן דונערען און בליצען און שפייען מיט העלישען פייער — אָבער צווישען איינמאָל און דעם אַנדערען שטעהען זיי פערלאָשענע, נאָר אַ רויך געהט נאָך... און אויך דער ציוניסטישער באַרג האָט געמוזט אויפהערען צו דונערען און צו בליצען, אויך ביי'ם ציוניזם האָט געמוזט פאַלען די פייערדיגע טעמפּעראַטור (די איצטיגע קולות פון די לעצטע קאָנגרעסען זיינען נאָר שוואַכע עכאָ'ס פון אַמאָל) — און ער האָט זיך געמוזט אָנהויבען צו עוסק'ן זיך מיט שטילער, פּראַקטישער, פּראָזאאישער אַרבייט, מיט פשוט'ן „קליינקאָלאָניזאַטאָרישען”ישוב־ארץ־ישראל.

און וואָס איז די טענדענץ פון די ציוניסטישע קאָנגרעסען? די טענדענץ איז צו ספּעציאַליזירען זיך; עס ווערט אַלץ קלאָרער און קלאָרער, אַז וואָס מעהר דער ציוניזם וועט זיך אָבגעבען מיט זיין אייגענטליכער אויפגאַבע, מיט קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינא, און וואָס ווייניגער ער וועט זוכען צו מאַכען פון דער דאָזיגער ספּעציעלער אַרבייט אַ במקום (אַ סוראָגאַט) פון דער אוניווערזעלער אויפלעבונגס אַרבייט — אַלץ קלאָרער און אויפריכטיגער און זיכערער וועט זיין זיין לאַגע צווישען די פערשידענע אויפלעבונגס קרעפטען אינ'ם יודישען פאָלק; די בעשראָנקונג פון ציוניזם פיהרט צו זיין פערשפּרייטונג... און אָט דאָס דאַרפען אָבלערנען פון ציוניזם די, וואָס טראַכטען וועגען אָרגאַניזירען די כחות פון יודישען פאָלק אויפ'ן פונדאַמענט פונ'ם רעאַלען לעבעדיגען לעבען, אויפ'ן יסוד פון דער געגענוואַרט: זיי דאַרפען אָנהויבען דאָרט, וואו דער ציוניזם האָט זיך אָבגעשטעלט, געמוזט זיך אָבשטעלען, ניט דאָרט וואו ער האָט אָנגעהויבען; זיי דאַרפען זיך נעמען פאַר רעאַלע קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע אויפגאַבען, פאַר די פילע נאַציאָנאַלע אויפגאַבען, וועלכע דער ציוניזם קאָן נישט אויספיהרען, ניט אָבער פאַר אַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס און דעקאָראַציעס. די „דעמאָנסטריווע” און

„דעקאָרטיווע" תקופה האט דער ציוניזם — און אינאײנעם מיט איהם דאָס יודישע פאָלק — גובר געווען; גובר געווען האט ער די דאָזיגע סטאַדיע אַפילו אין די האַלב אַסימילירטע, אַזוי אָנגערופענע אינטעלעגענטע קלאַסען פון אידישען פאָלק, דאָרט, וואו דער ציוניזם איז אײגענטליך אויפגעוואַקסען, און וואו דער פײַערדיגער פּאַטאָס און דער כּשוּף פון די נאַציאָנאַלע דעקלאַראַציעס און דעקאָראַציעס איז נויטיג געווען; אין די פאָלקס־מאַסען איז עס לכתחילה גאָרניט נויטיג געווען; און די פאָלקס־מאַסען איז נאַציאָנאַלע אויפלעבונגס אַרבײַט דער טײַטש ניט נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, נאָר עקאָנאָמישע און פּאָליטישע זעלבסט אָרגאַניזירונג, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע זעלבסט הילף און זעלבסט בעפרײַאונג; בײַ די פאָלקס מאַסען הייסט נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, די אויפלעבונג ניט פון אַבסטראַקטע „נאַציאָנאַלע אידעען", נאָר פון ממשות׳דיגע, גאַנץ קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע לעבענס־פאָרמען: די אויפלעבונג און רײַכער־מאַכונג פון דער אומגאַנגס שפּראַך, פון דער ליטעראַטור, די פערשפּרייטונג פון ספּעציעלער און אַלגעמיינער בילדונג, די פערפײַנערונג פונ׳ם מאָראַלישען און עסטעטישען געשמאַק, די אויפבויאונג פון אַלע נויטיגע קולטור אינסטיטוטען און פריהער ווי אַלץ פון אַ נאָרמאַלער פאָלקס־שול, פון אַ געזונטער ערציהונג, — קורץ, אַ שורה פון גאַנץ קאָנקרעטע רעאַלע לעבענס אויפגאַבען . . .

רעדט מען אָבער וועגען אַזוינע ממשות׳דיגע רעאַלע אויפגאַבען (און אַזוינע אויפגאַבען זײַנען פאַראַן אויך בײַ די העכערע קלאַסען אינ׳ם יודישען פאָלק) און ניט וועגען „נאַציאָנאַלער פּאָליטיק" סתם אַזוי זיך — איז דאָך קלאָר, אַז ניט אַלע דיזע אויפגאָבען קאָנען פעראײניגען אין גלײַכער מאָס די יודען בכל תפוצות ישראל. דער „יודישער פּאַרלאַמענט" וויל אָרגאַניזירען נישט בלויז די פאָלקס־מאַסען די יודישע, וואָס די הויפּט בעדערפניסען פון זייער לעבען זײַנען אומעטום כּמעט איינע און די זעלביגע, ער וויל רעפּרעזענטירען די יודישע נ אַ צ י ע, און די יודישע נאַציע — דאָס טאָר מען נישט פערלייקענען — איז צעטיילט און צעריסען נישט נאָר דורך פערשידענע לענדער און מדינות, וואו זי איז צעשפּרייט, נאָר אויך דורך די פערשידענע סאָציאַלע גרופּען, וואָס האַלטען צווישען זיך אינעווייניג אַ מלחמה . . .

מען זאָל מיך נישט מיספערשטעהן:

דאָס הייסט ניט, אַז די נאַציאָנאַל היסטאָרישע אײנהײַט פונ׳ם יודישען פאָלק ווערט בטל צוליעב דעם אינוועניגסטען קאַמפּף, ווי עס מיינען אַנדערע קורזיכטיגע פּאַרטיי מענשען; דאָס הייסט נאָר, אַז מען קאָן ניט ריידען וועגען אַנ׳אַבזאָלוטער גאַנצקייט און אַנ׳אַבזאָלוטען אחדות. פּאַ

ראַן מאָמענטען, פאַראַן ספערען אין לעבען, וואו די גאַנצקייט און איינהייט ווייזט זיך אַרויס זעהר שטאַרק, אָבער נישט אין יעדען מאָמענט, נישט אין יעדער לעבענס־ספערע איז איהר אויסדרוק גלייך שטאַרק; און אין געוויסע פונקטען קומט צום אויסדרוק ניט די גאַנצקייט, נאָר, פערקעהרט, די צוריסענקייט פונ׳ם יודישען פאָלק, די צוריסענקייט, וואָס שאַפט פאַר פערשידענע פאָלקס־גרופען גאַנץ פערשיעדענע אינטערעסען־ספערען, די צוריסענקייט, וואָס מאַכט אונמעגליך נישט נאָר דעם אחדות, נאָר אויך אַפילו דעם קאַמפף. אָבער נאָך וויכטיגער איז, וואָס אַפילו דאָרט, וואו פערשידענע טיילען פון פאָלק בעגעגענען זיך שוין, ווי שותּפים אָדער ווי געגנער, אויף איין באָדען, אין איין נאַציאָנאַלער אַטמאָספער, אַפילו דאָרט איז פאַראַן אַן׳אונטערשייד ניט נאָר אין דעם קאָנקרעטען אינהאַלט פון די נאַציאָנאַלע בעדערפניסען, נאָר בכלל אין דער אינטענסיטעט, אין דער שטאַרקייט פונ׳ם נאַציאָנאַלען לעבען ביי פערשיידענע גרופען: די צוויי סתירות׳דיגע טענדענצען אינ׳ם יודישען פאָלק, די טענדענץ צו אַסימיליאַציע און די נאַציאָנאַלע טענדענץ, האַלטען אָהן אַן׳אויפהער מלחמה צווישען זיך, אָט שטאַרקט זיך די איינע, אָט — די אַנדערע. ביי איין טייל פון יודישען פאָלק, ביי דעם גרעסערען, ביי דער דעמאָקראַטיע, האָט די נאַציאָנאַלע קראַפט, דער כּח המושך, — די אויבער האַנד, ביי דעם אַנדער טייל, איז דער כּח הדוחה, די דענאַציאָנאַליזירענדע קראַפט שטאַרקער, און אין דעם דאָזיגען טייל גופא איז דער באַלאַנס פון פערשידענע כּחות ניט אומעטום און ניט שטענדיג איינער און דער זעלביגער: ביי איינע, דוכט זיך אַמאָל, איז שוין מעהר גאָרניט געבליבען אַ חוץ אַביסעל אויף אייראָפּעאישע שפראַכען איבערזעצטעס, אויסגעלייזיגטעס „יודענטום", אַנדערע האַלטען זיך נאָך פאַר דאָס מעהר יודישליכע, מעהר אָריגינעלע, אָבער נישט ווייניגער אַבסטראַקטע און לעבענס־פרעמדע „יהדות"... דער מאַקסימום פון נאַציאָנאַלער ענערגיע איז ביי פערשיידענע גרופען אויף דעם אופן אַ פערשיידענער, ביי איינע איז ער גאַנץ הויך, ביי אַנדערע גאַנץ נידעריג.

דעריבער, אַז מ׳זאָל מעגליך זיין צו שאַפען אַ „פּאַרלאַמענט", וואָס זאָל אַכטונג געבען אויף דאָס לעבען פון די יודען אין דער גאַנצער וועלט, וועט ער פיהרען צו איינס פון די ביידע: אָדער דער גרעסטער טייל פון די סאָציאַל קולטורעלע בעדערפנישען פון די יודישע פאָלקס־מאַסען זאָל בלייבען שלעכט, אויב ניט גאָר אונבעפרידיגט, אָדער דעם העכערען קלאַס פונ׳ם יודישען פאָלק, זאָלען דורך דער דעמאָקראַטיע ווערען אָנגעבונדען אינטערעסען, וואָס זיינען איהם לחלוטין פרעמד... דערפאַר איז, פערשטעהט זיך, ניטאָ וואָס מורא צו האָבען: קיין צוואַנגס

קראַפט וועט דער יודישער „פאַרלאַמענט" ניט האָבען...

אָבער דאַן וועט עס דאָך זיין אַנ'אַלוועלטליכע יודישע... דיסקוסיע, ניט קיין אַלוועלטליכער יודישער פאַרלאַמענט!

## II

איז געדרונגען דערפון, אַז ס'איז ניטאָ אַזאַ פאָרם פון אַלוועלטליכער יודישער פעראייניגונג, וואָס זאָל האָבען אַ רעאַלע בעדייטונג? ניין, ס'איז ניט געדרונגען. עס זיינען פאַראַן, אָהן קיין שום ספק, איינציגע נאַציאָנאַלע הצטרכות'ן, וואָס צוליעב זייער בעפרידיגונג קאָנען און מוזען בעשאַפען ווערען פעראייניגונגען פון אַלע אָדער פונ'ם גרעסטען טייל גרופען פונ'ם יודישען פאָלק. אויך ביי די דאָזיגע איינציגע נאַציאָנאַלע בעדערפנישען קאָנען אויסוואַקסען סתירות צווישען פערשיעדענע שטות און געגנ. די סתירות זיינען אָבער אין יעדען איינציגען פאַל ניט אַזוי טיעף, און יעדע איינציגע פון די דאָזיגע הצטרכות'ן איז צו וויכטיג פאַר גרויסע טיילען פון יודישען פאָלק, אַז ס'זאָל ניט מעגליך זיין קיין פשרה, קיין אויסגלייך. נעהמען מיר, אַלס ערשטען ביישפיעל, די פאָלקס-בעדערפנישען, וואָס ביי די איצטיגע תנאים פון יודישען לעבען, ווערען זיי בעפרידיגט אויפ'ן פילאַנטראָפישען אופן. די גרויסע פילאַנטראָפישע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס האָבען געהאַט ביי אונז שטענדיג די נטיה אַרומצונעהמען אַלע יודען פון דער גאַנצער וועלט. דער דעוויז: „כל ישראל חברים", וואָס עס טראָגט אויף זיך די גרעסטע פון אַלע אונזערע צדקה חברות, איז ניט קיין צופאַל און ניט קיין טעות הדפוס; אויך איצט, נישט נאָר אַמאָל ביי דער גרינדונג פון „אַליאַנס", שטעקט אינ'ם נאַציאָנאַלען פסוק, וואָס זי האָט אויפגעשריבען אויף איהר פאָהן, אַ שטיק אמת, וואָרום ערגיץ ווייזט זיך ניט אַרויס די חברשאַפט פון אַלע יודען, פון די ווייטערסטע אַפילו, ווי אין דער יודישער פילאַנטראָפיע: זאָלען אידען ערגיץ אין אַנ'אָרט אויפגערוכט ווערען, איז עס אַוודאי אַ בשורה טובה פאַר אַלע יודען אין דער גאַנצער וועלט, אַ רושם אָבער וואָלט עס מאַכען, נאָר אין איין אָרט, דאָרט, וואו עס איז געשעהען; פערקעהרט אָבער אַנ'אומגליק, חלילה, אַז ס'טרעפט מיט יודען אין איין לאַנד, ווערען גלייך פערציטערט אַלע אברים פונ'ם פאָלקס קערפער, אַזוי ווי דער וועהטאָג וואָלט דורכגענומען די לופט פון דער גאַנצער וועלט, און וואו נאָר אַ יודישער קבוץ געפינט זיך דערגרייכט צו איהם די ציטערדיגע פאַליע פון צער... פסיכאָלאָגיש גענומען איז די יודישע פילאַנטראָפיע אַנ'אום-

דרוק פון דעם דאָזיגען יודישען צער, וואָס געהט איבער בירושה פון דור צו דור און וואָס ברעכט דורך אַלע גרעניצען... פאַר אַ מאַנכען מיליאָנער פון משה רבנו׳ס גלויבען איז די אַלוועלטליכע יודישע צדקה געזעלשאַפט, צו וועלכע ער געהערט, אין גרונד גענומען, דאָס איינציגע, וואָס פאַר אַ צווייטען יודען „די וויסענשאַפט דער יודענטומס״, וואָס פאַר אַ דריטען — העבּרעאיש, פאַר אַ פיערטען — ישוב ארץ ישראל, פאַר אַ פינפטען — די קולטור־אויפלעבונג פון די יודישע מאַסען... מען קאָן און מען מוז פיהרען אַ שטרייט קעגען געוויסע גענג פון דער יודישער פילאַנטראָפּיע. זי, די פילאַנטראָפּיע אַליין אָבער, טאָר מען ניט אַוועקמאַכען אונטער דער האַנד, זי איז דער עקסטענסיווסטער אויסדרוק פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט פונ׳ם יודישען פאָלק, זי איז אפשר די איינציגע פונקציע פונ׳ם נאַציאָנאַלען יודישען אָרגאַניזם, וואָס ברייגגט אין בעוועגונג אַלע אברים, זי איז איינער פון די ווייניגע פעדים, וואָס ציהען זיך פון פּאַריז ביז... ראשון־לציון; פון לאָנדאָן ביז מאָזעפּאָווקע, פון אַ דשזייקאָבשיף ביז אַנ׳אלתר יכנה״ז, פון אַ פויל נתן ביז דעם תימנישען יודען... די יודישע פילאַנטראָפּיע אין גרויסען מאַסשטאַב, די פילאַנטראָפּיע, וואָס ביי אונז אידען קאָן זי און מוז האָבען אַ סך אַ גרעסערע, ווי אַ ריין פילאַנטראָפּישע, בעדייטונג, די פילאַנטראָפּיע קאָן און וועט פריהער אָדער שפּעטער שאַפען אַנ׳אמת׳ע, ניט קיין דעקאָראַטיווע, פעראייניגונג פון אַלע קרעפטען, וואָס נעהמען אַנטייל אין איהר, אַ פעראייניגונג, וואָס אויב זי וועט ניט קאָנען אָבמעקען אין גאַנצען די גרעניצען פון לענדער און מלוכות, פון שטות און פּאַרטייען, וועט זי דאָך אין געוויסע פּונקטען און ביי געוויסע מאָמענטען קאָנען מיט גליק זיי אויסמיידען...

נאָך דער רעגולירונג פון דער נאַציאָנאַל־פילאַנטראָפּישער אַרבייט, איז דער שטרייט פאַר אונזערע רעכט אין פערשיעדענע לענדער איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאַבען, וואָס קען אין אַ געוויסער מאָס פעראייניגען די צעזייטע און צעשפּרייטע כחות פונ׳ם יודישען פאָלק. אין דער גלייכבערעכטיגונג פון יודען (זאָגען מיר, אין רוסלאַנד און רומעניען) זיינען די יודען פון אַנדערע לענדער פעראינטערעסירט מאַטעריעל, נישט נאָר מאָראַליש. אין דעם אויפרוף וועגען אַ יודישען קאָנגרעס, וואָס איז געדרוקט געווען אין „אָסט אונד וועסט״, איז אויף דעם דאָזיגען פּונקט די טראָפּ געשטאַנען. די רדיפות און יסורים, וואָס יודען האָבען אויסצושטעהן אין אַזוינע לענדער, ווי רוסלאַנד און רומעניען, פערשטאַרקען די עמיגראַציע פון די דאָזיגע לענדער, די עמיגראַציע, וואָס ריהרט אָן, דירעקט אָדער אונדירעקט, די אינטערעסען פון די יודען אין די דורך־און־איינוואַנדערונגס לענדער, אַ חוץ דעם, וואָס דאָרט, וואו די איינגעבוי־

רענע יודען זיינען אָהן רעכט, זיינען אויך די יודען פון אַנדערע לענדער רעכטלאָזיג. דער שטרייט, וואָס אונזערע ברידער און פריינד אין אַמעריקאַ, פיהרען מיט אַזאַ ענערגיע און ערפאָלג פאַר די גלייכבערעכטיגונג פון די אַמעריקאַנער יודישע בירגער אין רוסלאַנד — האָט פאַר די יודען אין אַנדערע ערטער דערווייל נאָר אַ מאָראַלישע בעדייטונג; זאָלען מיר אָבער אין רוסלאַנד בעקומען אַלע רעכט, וועט עס זיין אַ פּאַקטישער נצחון, אַ מאַטעריעלער נוטצען פאַר די יודען אין דער גאַנצער וועלט. עס איז איבעריג צו מאריך זיין וועגען דעם. עס איז קלאָר, אַז ווען די „יודישע אחדות“, דער „קהל“ וואָלט געוועזן ניט קיין בבא-מעשה, מיט וועלכע די שונאים שרעקען די וועלט, נאָר אַ פאַקט, וואָלטען מיר פון אַ סך אונזערע צרות שוין לאַנג אפשר אויסגעלייזט געוועזן. אָבער די דאָזיגע בבא-מעשה איז גאָר ניט אַזוי פאַנטאַסטיש (והראיה: דער וועלט לעגט זי זיך אויפ׳ן שכל) און מיט דער צייט איז איהר בעשערט אפשר צו דערנעהענטערן זיך צו דער לעבענס-ווירקליכקייט. דערווייל זיינען די פאַנטאַזיעס וועגען אַנ׳אוניווערזעלען יודישען קאָנגרעס, וועגען אַ „פּאַרלאַמענט“, וואָס זאָל אַרומנעהמען מיט איינמאָל דאָס גאַנצע יודישע פאָלק און זיין גאַנצעס לעבען, מעהר ניט ווי פאַנטאַזיעס; דער געדאַנק אָבער צו אָרגאַניזירען די אַלגעמיין יודישע כחות, די מאַטעריעלע אַזוי ווי די גייסטיגע, כדי צו ווירקען אויף דער רעכטליכער לאַגע פון יודען אין געוויסע לענדער — דער דאָזיגער געדאַנק איז אַ פרוכטבאַרער געדאַנק, און אין, אַ גרעסערען אָדער קלענערען מאַסשטאַב, וועט ער פערווירקליכט ווערען, אויב נישט היינט איז מאָרגען...

די הכנות צום עמיגראַציאָנס קאָנגרעס, וואָס לאָזט נאָך אַלץ וואַרטען אויף זיך, האָבען געוויזען, אַז פעראייניגען יודען און יודישע אָרגאַניזאַציעס פון פערשיעדענע לענדער און פערשיעדענע סיסטעמען, איז ניט קיין לייכטע זאַך; זיי האָבען נישט געוויזען אָבער, אַז ס׳איז אַנ׳אונמעגליכע זאַך. מען דאַרף נישט פערגעסען, אַז די אויפטוער פון קאָנגרעס האָבען געהאַט די פרומע, אָבער ניט גאָר קלוגע כונה צונויפצופאָרען צוויי גאַנץ פערשיעדענע צדדים, די ריינע פילאַנטראָפּיע מיט דער ריינער דעמאָקראַטיע... די עצם אידעע אָבער, צונויפרופען אַנ׳אַלוועלטליכען קאָנגרעס צו רעגולירען די עמיגראַציע, האָט געפונען זעהר אַ סך סימפּאַטיעס און זעהר וועניג געגנער פּרינציפּיעלע; אַ חוץ אפשר עטליכע פּראָפעסיאָנעלע צדקה-טוער, זיינען אַלע מודה, אַז אַ סדר און אַ טאָלק אין דער יודישער עמיגראַציע קאָן אַריינגעטראָגען ווערען נאָר דורך די פעראייניגטע און אָרגאַניזירטע קרעפטען פון פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס...

אַנ׳אַלגעמײַן יודישער קאָנגרעס צוליעב די צוועקען פון קאָ־לאָניזאַציע אין ארץ ישראל און אין אַנדערע לענדער וועט אַרויסרופען געוויס אַ סך מעהר ספקות און וכוחים, פונקט אַזוי ווי אַ קאָנגרעס צוליעב ריינע קולטור־צוועקען; אַ קולטור־קאָנגרעס אַ יודישער האָט אָהן צווייפעל דערוויַיל נאָך וועניגער פעראייניגונגס קראַפט אין זיך, ווי אַ קאָנ־גרעס צוליעב קאָלאָניזאַציע, וואָרום די העכערע קלאַסען אינ׳ם יודישען פאָלק זיינען אין קיין פּרט ניט אָבגעריסען אַזוי פון די פאָלקס מאַסען, ווי אין דער פראַגע וועגען די קולטור פאָרמען פונ׳ם יודישען לעבען; דאָך איז מעגליך, אַז אפילו, צוליעב די דאָזיגע דערוויַיל נאָך נישט גאָר צייטיג־געוואָרענע אויפגאַבען זאָלען בעשאַפען ווערען אינסטיטוציעס, וואָס וועלען פעראייניגען און אָרגאַניזירען גרויסע טיילען פון יודישען פאָלק אין פערשיעדענע לענדער...

היוצא מדברינו:

אַ קאָנגרעס וואָס זאָל וועלען פערנעהמען זיך מיט אַלע מעגליכע פראַגען פונ׳ם יודישען לעבען, וועט, צוליעב די צו גרויסע און צו פיעלע רייבערייען און שפּאַלטונגען, פעראייניגען נאָר דעם מינימום פון אונ־זערע קרעפטען, צוליעב יעדער פראַגע אָבער בעזונדער קאָן אָרגאַניזירט ווערען דער מאַקסימום כחות, וואָס האָט אַ שייכות דערצו.

יעדע פראַגע, יעדע אויפגאַבע קאָן האָבען דערביי איהר מאַקסימום, איינע — אַ העכערען, די אַנדערע — אַ נידעריגערן; די אויפגאַבע, אַ שטייגער, פון רעגולירען די עמיגראַציע, ווי אויך דער שטרייט געגען דער יודישער רעכטלאָזיגקייט וואָלטען געקאָנט קאָנצענטרירען אַרום זיך כמעט אַלע לעבעדיגע כחות פונ׳ם יודישען פאָלק.

דעריבער איז צו רעכענען, אַז אין דער ניט וויַיטער צוקונפט וועט אונז בעשערט זיין צו שאַפען ניט איין קאָנגרעס, וואָס זאָל, ווי אַ נאַצי־אָנאַלער פּאַרלאַמענט, אַרומנעהמען אַלע זייטען פון יודישען לעבען און אַלע טיילען פון יודישען פאָלק, נאָר אַ גאַנצע שורה פון ספּעציאַל־קאָנגרעסען, ד. ה. פון קאָנגרעסען, וואָס יעדער פון זיי וועט זיך אָפּגעבען נאָר מיט איין מין פראַגען, און וואָס צוליעב יעדער גרופּע פראַגען וועט צונויפגעקליבען און אָרגאַניזירט ווערען דער מעגליכסט העכסטער סכום פון דער נאַציאָנאַלער ענערגיע.



נחמן מייזיל.

דער אידישער אינטעליגענט

ביי י. ח. ברענער.

נחמן מייזיל.

# דער אידישער אינטעליגענט

# ביי י. ח. ברענער.

וזה אשר הוצאתי מנסיונות ימי־הויתי
ווהי צואתי האישית:
החיים רעים, אבל תמיד סודיים... המות רע.
העולם מסוכסך, אבל גם מגוון, ולפעמים יפה.
האדם אמלל, אבל יש והוא גם נהדר.
לעם ישראל, מצד חקי ההגיון, אין עתיד.
צריך, בכל זאת, לעבוד.
כל זמן שנשמתך בך, יש מעשים נשגבים
ויש רגעים מרוממים.
תחי העבודה העברית האנושית!
(י. ח. ברנר „מכאן ומכאן").

## I

פריהער פון אלעס מוז מען אבשטעלען גרענעצען פאר דעם טערמין „אידישער אינטעליגענט".

דאס, וואס ביי אנדערע פעלקער איז קלאר, פאדערט ביי אונז בעשטימטע אויסרעדען און אנמערקונגען.

ביי אנדערע פעלקער, ביי פעלקער נארמאלע, וועלכע זיינען בעפעסטיגט אויף זייער אייגען לאנד און שפייזען זיך דער עיקר פון זייער אייגענער קולטור, ווערט אנגערופען אינטעליגענט יעדער פון זיי, וואס נעמט א מעהר אדער וועהניגער אקטיוון אנטייל אינ'ם גייסטיגען לעבען פונ'ם לאנד. די ארבייט זיינע מעג געפיהרט ווערען אהן דער פאראויסגעזעהענער כונה מיטצוהעלפען און פערשטארקען דעם וואוקס און ענט

וויקלונג פון די פאָלקס־רײַכטימער; ווײַבאַלד נאָר די אַרבײַט טרעט נישט אַרויס געגען די אינטערעסען פונ'ם פאָלק, ליגט שוין אין דער אַרבײַט זעלבסט, אויף וואָסער געביט זי זאָל נישט געטהון ווערען, קערען פון וועלכע ס'קענען אויסוואַקסען און ס'וואַקסען אויס פרוכט.

גאַנץ אַנדערש איז בײַ אונז. ס'איז נאָך ווייניג, וואָס עס זײַנען פאַראַן יודען גײַסטיג ענטוויקעלטע, וועלכע זײַנען פערנומען אין פערשידענע קולטור־געביטען און שאַפען דאָרט ווערטהען. מען דאַרף נאָך בעטראַכטען די ווערטהען און אײַנזעהן, אויף וויפיעל אָט די אַרבײַט פון די אידען האָט אַ שייכות צום אידיש פאָלק און בערײַכט מיט איהר דאָס לעבען פונ'ם פאָלק און זײַן קולטור.

דאָס רוב אידישע אינטעליגענטען, און אפשר די סאַמע לעבענס־פעהיגסטע און אַקטיווסטע, געפינט זיך אויף אַ פרעמדען שטח און דאָרט, צווישען פרעמדע און צוליעב פרעמדע, ווײַזען זיך אַרויס איהרע פעהיגקײַטען. פערשטעהט זיך, אַז אָט די אידישע אינטעליגענטען, וואָס זייער גאַנץ לעבען און וועזען איז פון יענער זײַט פונ'ם אידישען לעבען, קענען נישט צוגערעכענט ווערען צו דער אידישער אינטעליגענץ, אַפילו פון אָט דער פערפרעמדטער אידישער אינטעליגענץ האָט זיך געבילדעט אַ בעזונדער מין טיפ, מיט אַ בעזונדער מין פסיכאָלאָגיע, מיט בעזונדערע אײַגענשאַפטען און אין דעם זין שטעלט זי מיט זיך פאָר פיעל אינטערעסאַנטעס, — נאָר נישט זיי שאַפען דאָך דאָס אמת אידישען לעבען און נישט זיי זײַנען די טרעגער פונ'ם פאָלקס־גײַסט און אידעען, וועלכע זײַנען בעהאַלטען פון אײביג אָן אינ'ם פאָלק.

נאָר די אינטעליגענץ, וועלכע געפינט זיך אין די אידישע געצעלטען, וועלכע איז געבוירען, געוואָקסען און ערצויגען געוואָרען אין דער אידישער אַטמאָספער, וואָס האָט דאָס רוב רײַכטהום איהרע גענומען בײַ יודען, בײַ דער אידישער קולטור און איצט טראָגען זיי אין זיך די אידעען פון פאָלקס־אויפלעבונג אינ'ם גײַסט און ווילען פונ'ם פאָלק, לעבען אין דעם און זײַנען דערמיט בעגײַסטערט, — נאָר אָט די אינטעליגענץ קען אָנגערופען ווערען מיט'ן נאָמען אידישע אינטעליגענץ.

דאָס אידישע לעבען אָבער איז אונגאָרמאַל, עס זײַנען נישט אויסגעאַרבייט געוואָרען אין אידישען לעבען קײן פאָרמען פאַר וועלטליכער קולטור, עס איז נאָך נישטאָ די גאַנצע האַרמאָניע פון די צוויי פערשידענע וועלטען, די אויסערע און אידישע. נאָכמעהר: עס איז נאָך נישט געשאַפען געוואָרען דער באָדען פאַר פערשידענסטע קולטור־אַרבײַטער, אַז יעדער מיט זײַנע פעהיגקײַטען זאָל קענען אויסנוצען זיי בײַ זיך, אין דער אידישער וועלט. עס האָט געמוזט ברענגען דערצו, וואָס ס'זײַנען געווען פיעל אַנט־

לאָפּענע. דאָס איז נאָך נישט אינגאַנצען: דער אידישער אינטעליגענט, וואָס איז געבליבען אין דער היים, האָט זיך געמוזט שטענדיג געפינען צווישען די געגענזייטיגע כחות, פון דער פרעמדער קולטור און דער אייגענער, און גאַנץ וויכטיגע סבות האָבען בעדאַרפט זיין, זיי זאָלען ווידערשטעהן די גרויסע צוציהונגס־קראַפט פון דאָס אויסערע לעבען.

דערצו, די אַלע אויסערע און אינוועניגסטע תנאים פון דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז צעשפּרייט איבער פערשיעדענע לענדער מיט פערשיעדענע קולטורען, די באָדענלאָזיגקייט און אַלערליי בעגרענצונגען פיהרען דערצו, אַז נישט אַלעס, וואָס עס ווערט פערפלאַנצט דורך דער אמת׳ער אידישער אינטעליגענץ אין אידישען לעבען, וואַקסט אויס: אָדער עס נעמט זיך נישט צו אויף דעם זאַמדיגען באָדען, אָדער אַנדערע רייסען עס אויס. און אַפילו די פלאַנצונגען, וואָס שטעהען אויס די אַלערליי אויסערע און אינערליכע שטערונגען, וואַקסען אויס אויסגעדאַרטע און פערוועלקטע. איז דערום דאָס לעבען פון דער אינטעליגענץ רייך אין אויסערע קלאַפּען און אינערליכע ליידען, זיינען זייערע קערפּער פול מיט ווונדען, און זייערע הערצער מיט קרעבצען. מוז דערום זיין ביי זיי איבערגאַנגען פון שטאַרקע בעגייסטערונג צו שווערע ענטוישונג, פאַלען פון הויכע הימלען אין טיעפע אָבגרונדען.

נור, ווי דער אמת׳ער אידישער אינטעליגענט איז נישט טריי דעם גייסט פונ׳ם פאָלק און זיין קולטור, דאָך שעפּט ער אָהן אויפהער אויך פון דער וועלטליכער קולטור און ווערט גאַנץ אָפט מיט איהר דורכגעזאַפּט. און ווידער, דאָס אידיש פאָלק, וואָס איז אָבהענגיג פון דער לאַגע פון די אַרומיגע פעלקער, אָן זייערע צושטאַנדען און שטימונגען, טרייבט איהר אינטעליגענץ אָננעמען אַזוינע גענג, וועלכע זיינען פיינדליך די בעגריפען פונ׳ם אידישען גייסט און געפיהלען. און נאָך, די אידישע אינטעליגענץ לויט איהר האַראַקטער און פסיחיק איז זעהר בעווענליך, קען זיך בעגייסטערען און לאָזט נישט דורך איין בעגעגעניש און געשעהניש, זי זאָל פון זיי נישט ווערען געווירקט.

דאָס אַלעס מאַכט דאָס לעבען פון דער אמת׳ר אידישער אינטעליגענץ זעהר פערוויקעלט. עס קומט איהר אויס פיהרען אַ פּולזייטיג לעבען, שטענדיג זיין אויף דער וואַך, זיך אָבשלאָגען מיט די אויסערע כחות און איינשטעהן אויף איהר אָרט.

קומען מיר צו אַזאַ מין בעשלוס, וואָס קען אויסווייזען ווי פּאַראַדאָקסאַל: די אמת אידישע נאָרמאַלע אינטעליגענץ מוז זיין אוננאָרמאַל, ווייל זי געפינט זיך אין אַ נעץ פון שטענדיגע גריבלערייען און אונענדליכע פערפּלאָנטענישען, איהר לעבען איז פול מיט סתירות און דערום זעהר טראַגיש.

## II

צווישען די העברעאישע און אידישע שרייבער איז י. ח. ברענער איצט דער איינציגער און אפשר דער ערשטער, וועלכער האט געשילדערט אט דעם אמת'ן אידישען אינטעליגענט מיט זיין פערוויקעלטען און אוננארמאלען לעבען און שטרעבען, פריידען און ליידען פאר די לעצטע עטליכע יאהרען. עס האבען געשריבען פריהער וועגען דעם אידישען אינטעליגענט אויך מ. ז. פייערבערג און מ. י. בערדיטשעווסקי. ביי פייערבערגען געהט דורך די טראגעדיע פון דער וועלט-אנשויאונג, און עס קומט צום שיידע וועג מיט דער גרויסער פראגע „לאן?" נ י ש ט נ ח מ ן, נ אָ ר ז יי ן א י ד ע ע ן-ו ו ע ל ט. בערדיטשעווסקי, אין זיינע פריהערדיגע ערצעהלונגען, האט גענומען דעם אידישען אינטעליגענט, ווען ער געהט אוועק און געפינט זיך שוין אויף יענער זייט פונ'ם אידישען לעבען און ער שילדערט דאס רוב די מחשבות און געפיהלען, וועלכע פערנעמען איהם ד אָ ר ט. ברענער בעווייזט דעם אידישען אינטעליגענט, דעם אינטעליגענט ז ע ל ב ס ט, איהם מיט זיין אינערליכען לעבען, מיט זיין חאראקטער און פסיחיק, מיט זיינע וואכעדיגע און יום-טוב'דיגע צושטאנדען, מיט זיינע איבערלעבונגען, בעגעגענישען, טרוימען און ענטוישונגס-געפיהלען. ברענער איז דורכאויס געבונדען מיט דאס לעבען, מיט דאס לעבען, וואס ווערט געשאפען ביי אונז, ארום אונז און דורך אונז, מיט די געשעהנישען און לעבען, וואס קומען פאר פאר אונזערע אויגען און די טיפען זיינע גיט ער אונז, ווי זיי בעגעגנען זיך מיט דער ווירקליכקייט, ווערען געווירקט און געפאלגט פון איהר.

דאס אבער איז נישט דער עיקר אין זיינע ווערק. ברענער פערטיעפט זיך שטענדיג אין דער נשמה און איהרע אינערליכע ליידען און ער זעהט דעם טראגיזם פון זיינע טיפען נישט נאר אין די אויסערע לעבענס-בעדינגונגען און לעבענס-פארמען, נאר מעהר פון אלעם דעקט ער אויף טראגיזם אין די טיעפע-טיעפענישען פון דעם העלדס-פסיחיק, אין דעם עצם חאראקטער און דעם „איך" פונ'ם טיפ. נישט דאס לעבען, דאס אויסערע לעבען מיט זיינע געשעהנישען איז ביי ברענער'ן א דעקאראציע פאר דעם העלד, און נישט דער העלד מיט זיינען איבערלעבונגען און ליידען דיענען אלס א בעווייז פאר'ן לעבען. דאס לעבען מיט'ן העלד זיינען פעסט צוזאמענגעבונדען און צונויפגעפלאכטען, און מ'קען נישט אבטיילען איינס פונ'ם אנדערען. ברענער פיהרט פאר אונז דורך דעם מענש מיט זיין אינערליכען לעבען, מיט זיין אייגענארטיגען צונעמען און בעציהען זיך צום לעבען, און איינציימיג, דורך דער פריזמע פונ'ם העלד

טרעט ארויס די ארומיגע סביבה, די לעבענס=געשעהנישען, וועלכע געהען דורך פאר׳ן העלד, און עס איז שווער צו זאגען, ווער אויף וועמען ווירקט און ווער פון וועמען ווערט געשפייזט.

ברענער איז א טיעפער דענקער און א קינסטלער מיט א אפען=פערוויטאגט הארץ. נאהנט איז איהם דער יחיד מיט זיין אידעען=וועלט, מיט דער ענטוויקלונג פון זיינע אנשויאונגען, נאך מעהר איז איהם טייער זיינע איבערלעבונגען, זיינע ליידען און וועהען, און אין אלע ווערק ברענער׳ס טרעטען ארויס דער מח פונ׳ם העלד און זיין נשמה, די וועלט=אנשויאונגען מיט די אינערליכע איבערלעבונגען, די אידעען=וועלט און פסיחישער צושטאנד. ביי ברענער׳ען געפונען מיר אט די אינערליכע שירה, אט די השתפכות=הנפש, וואס איז פאראן אין אייניגע פון פרצ׳עס ווערק, עס ווייזט זיך ארויס ביי איהם די צוזאמענשטויס פון פערשיעדענע אידעען=וועלטען. פרץ ווארפט שטענדיג אראב די קליידער פון די געשעהענישען און פון דעם תמצית שאפט ער א פראבלעם. ביי ברענער׳ן ווערט אט די שירה און צוזאמענשטויס פערקערפערט, און עס ווייזען זיך ארויס די בויגונג פון דער נשמה אינווייניג, צוזאמען מיט די קנייטשען און העויות פון אויסען.

ברענער׳ס אינטעליגענט איז נישט דער דורכשניטליכער אידישער אינטעליגענט אין דער אידישער גאס. דאס איז עפיס א בעזונדער מין בריה. ווער ווייסט, ווי טרויעריג און דערשלאגען וואלט אויסגעזעהן אלעס אין אידישען לעבען, ווען אלע וואלטען געווען אזוינע. דאס רוב שטעהען זיי גאר אן א זייט פון דאס רוישענדע לעבען און זיינען נישט צופריעדען מיט די פערשיעדענע ארבייטען, וואס ווערען געטהון. נאר אין ברענער׳ס אינטעליגענט איז פאראן אלגעמיינעס, כאראקטעריסטישעס פאר יעדען אידישען אינטעליגענט און אין זיינע ליידען און פריידען, איבערלעבונגען, פערצווייפלונגס און ענטוישונגס=געפיהלען קענען מיר אין געוויסערמאסען איינגעפונען די ליידען און פריידען פון דער גאנצער אידישער אינטעליגענץ. ברענער׳ס מענשען שטעהען נישט אין מיט פון די בעוועגונגען, וואס פיהרען מיט דאס אינערליכע לעבען, זיי שטעהען פון ווייטענס און דאך קומען זיי אין פערקעהר מיט די אידעען, וואס פערנעמען די מחות און הערצער פון דער בעסטער יוגענד, און אט די אלע בעגעגענישען און די אלע צוזאמענשטויסונגען מיט די מענשען און אידעען מאכען אויף זיינע פיהלענדע, הארציגע, גאנץ אפט נערוועזע מענשען, א אייגענארטיגע טיעפע איינדרוק. אזא אייגענשאפט האבען זיי, אריינדרינגען אין דעם סאמען תוך פון די לעבענס=ערשיינונגען און דערגרייכען צום תמצית. זיי זיינען טיעף=ליידענדע און שטענדיג=זוכענדע, זיי זיינען קיינמאל נישט

צופריעדען מיט זיך, מיט זייער לעבען און ארט אין לעבען. אלע זיינען זיי ארעם, אויסגעמאטערט פון הונגער און נויט, אבגעריסען און פערוואָרפען אן א זייט, דאך איז פאראן אין זיי שטענדיג א פונק, וועלכער לויכט און דערוואַרעמט זייערע הערצער. און דאן פיהלען זיך אט די דאזיגע פערארעמטע, פערטריבענע און אונגליקליכע יונגע לייט ווי בני־מלכים, וואס נעמען ארום וועלטען מיט זייערע ארעמס און דערגרייכען מיט זייערע געפיהלען גאר צו הויכע היכלות. און גאר איינצייטיג געפינט איהר אין זיי ארעמקייט און רייכקייט און איהר ווייסט נישט, צי דארפט איהר בעדויערען זייער אונגליקליכע לאגע, אדער גאר פערגאפען זיך פון זייער אינערליכע רייכטהום.

אלע ברענער׳ס גרויסע ווערק, אנהויבענדיג פון „בחרף" און ענדענדיג מיט דעם טיעפען און הארציגען „מכאן ומכאן", זיינען ווי איין ספר, ווי איין קייט, וואס איז בעהעפט דורך איינג־געבונדענע רינגען. און דער אנהויב פון דאס ערשטע ווערק „בחרף": „איך האב זיך געמאכט א העפט פון ריין פאפיער און איך רעכען בעשרייבען דארט וואסערע ס׳איז שטריכען און שטיקלעך פון מיין „לעבען"..." —קען דיענען פאר א אנהויב אויך פאר די איבעריגע ווערק זיינע. דאס רוב ווערט געפיהרט די ערצעהלונג אינ׳ם נאמען פון דעם העלד, און אלע זיינע ווערק טראגען א חאראקטער, פון א אפענהארציגען ודוי, א ודוי פון א מענש, וואס פערטיעפט זיך אין זיין אייגענעם וועזען, אין זיינע אייגענע מעשים אהן שום משא פנים און בעהעלטניש. דאס רוב פעהלט דארט דער געוועהנליך אין ערצעהלונגען אינהאלט און עס פיהרט זיך אהן א בעשטימטער, פאראויסגעזעהנער ציעל. ברענער׳ס ווערק זיינען אפשר נישט ארומגעשליפט, די פארם איז גאנץ אפט נישט קיין פאסענדע פאר ערצעהלונגען, דאך לייענען זיך זיינע ווערק מיט גרויס אינטערעס, מיט אט דעם ציטערדיג־צאפעלדען געפיהל, וואס מ׳לייענט בריעף פון היימיש־נאהנטע מענשען וועגען אינטימע בעגעגענישען און אייגענע איבערלעבונגען.

צווישען ברענער׳ס טיפען געפינען מיר אויך אנדערע מענשען, וועלכע שטאמען און וואקסען גאר אין אנ׳אנדער סביבה, נישט אין דער עכט־אידישער. עס זיינען פאראן ביי איהם אזעלכע, וועלכע קוקען מיט פרעמדע אויגען אויף דער טראגישער לאגע פונ׳ם אידישען פאלק און זיינען כלל נישט מסוגל ערגרעכען זי. מיר האבען ביי איהם אויך פון דער אינטעליגענץ, וואס איז צוגעגאנגען מיט די פערשיעדענע פלאכע אידעען, אנגעשמעקט און אנגעהאפט פון דער פרעמד און מיט דער מאס האבען זיי געוואלט אלעס אין אידישען לעבען אפמעסטען. אט די אינטעליגענטען און האלב־אינטעליגענטען אבער געהען דורך ווי פארבייגעהענדיג, אויסער אוריאל

דווידובסקי, אַ אינטערעסאַנטע טראַגישע פיגור פון אַ פערפרעמדטען אידי־שען יונגערמאַן.

די הויפּט־פיגור אין ברענער׳ס גרויסע ווערק איז דער אידישער אינטעליגענט, וואָס איז געבוירען און לעבט אין די שאָטענס פון אידישען לעבען, טראָגט אין זיך זיינע טרוימען און אייַנציַיטיג נעמט ער צו די אַלע קלעפּ, וואָס דאָס אידישע לעבען איז רייַך מיט זיי, און אָט דעם אידישען אינטעליגענט און זיין אידעען־גאַנג, די ענטוויקלונג פון זיין שטי־מונגס־געפיהלען און וועלט־אַנשויאונג, ווי עס געהט דורך אין ברענער׳ס ווערק, ווילען מיר דורכפיהרען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען.

## III

אין די פערשיעדענע פריהערדיגע ווערק פון אונזערע שרייַבער, וואו עס ווערט געשילדערט דער איבערגאַנג פון דער אַלטער וועלט צו דער נייער, פון איין קולטור צו דער צווייטער, ווערען די צוויי וועלטען גאַנץ בעזונדער אַרויסגעשטעלט און דורכגעפיהרט. איינע איז אַ איינגע, פינ־סטערע מיט אַלטע אָבגעלעבטע פאָרמען, מיט פערשימעלטע לעבענס־בעדינגונגען, און די צווייטע — אַ מונטערע, מיט ברייטע האָריזאָנטען, מיט אַ רייַכער, שעהנער קולטור. די פאַרבען, מיט וועלכע די אַלטע וועלט איז געשילדערט, זיינען וואָס טונקעלער און קויטיגער, כדי וואָס שטאַרקער פערמאוסען זי אין די אויגען פונ׳ם העלד, און דער נייער וועלט גיעט מען צו וואָס מעהר בעצויבערענדע קראַפט. און נישט קוקענדיג אויף די אַלע שוועריגקייטען און שטערונגען, וועלכע זיינען אַרויפגעשטעלט אויפ׳ן וועג צום נייעם, דאָך בעקעמפפט זיי דער העלד און אַ צופריעדענער מיט זיך זעלבסט, און נאָכמעהר מיט דאָס נייע לעבען, קומט ער צו זיין ציעל.

בייַ ברענער׳ען איז די פאָרשטעלונג וועגען דער אויסערער וועלט נישט טרוימעריש און ראָמאַנטיש, ווי בייַ די פריהערדיגע שרייַבער, און דער אידעאַל פון דער אַלגעמייַנער קולטור איז שוין מיט׳ן שרש אויס־געריסען.

ירמיהו פייַערמאַן אין „בחרף" פערלאָזט זיין היים, דעם בית המדרש און זיינע ספרים, נאָר גאָר אַנדערש, ווי ס׳ווערט געשילדערט אין די פרי־הערדיגע ווערק. בייַ איהם איז נישטאָ קיין שטערונגען מצד די אַרומיגע, מעהר פון אַלעם ווייַזען זיך אַרויס א יי ג ע נ ע, אינערליכע סבות, וועלכע דער־לאָזען איהם נישט מיט אַמאָל זיך אָבשייַדען פון דער היים. צופיעל איז ער שוין אייַנגעלעבט מיט דער אַלטער אידישקייט, צו־שטאַרק זייַנען די

אידישע ספרים אַרייַנגעדרונגען אין זיין מח און זיינע געפיהלען. אין ירמיהו׳ס אַוועקגעהן לעגט ברענער נישט אַריין קיין סימבאָליש-גרויסעס און דערום שטעלט ער עס נישט אַרום מיט טריאומף-בעגלייטער. עס ווערען נישט אַרויסגעפיהרט אויף דער סצענע קעמפפענדע קולטורען, וועלטען פאַלען דאָ נישט איין, עס געהט נור פאַר אונז דורך, ווי אַזוי ירמיהו ווערט פערענדערט, ווי ס׳בייט זיך זיין בעציהונג צו דער אַלטער וועלט, צו דער אַלטער אידישקייט.

בערדיטשעווסקי׳ס יונגע-לייט, וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען פון דער אַלטער היים, האָט געפיהרט אַ פייערדיגען זייל, זיי האָבען געטרוימט וועגען פערניכטען די גאַנצע אידישקייט, אומבייטען די גאַנצע אידישע קולטור, איבעראַנדערשען דאָס גאַנצע אידישע לעבען. ברענער׳ס מענש געהט אַוועק פון דערהיים אָהן וואָסערע ס׳איז טרוימען און האָפנונגען, ער ווערט ווי אַרויסגעשפּאַרט פון דאָרטען, אין זיין האַרץ פיהלט ער אַ מאָדנע פוסטקייט און ער איז מאַכטלאָז און אָבגעלאָזען. און אין דער גרויסער שטאָדט קומט ער אָן נישט אַ פערצויבערטער און בעגייסטערטער, נאָר אַ אונבעהאָלפענער. ער איז דורשטיג נאָך עפּיס, ער ווייסט אָבער אַליין נישט קלאָר נאָך וואָס, ער איז נישט מסוגל צום לעבען און קען נישט דערגרייכען עפּיס וואָס אין לעבען.

אין יענער צייט — די צייט פון „בחרף״, צוריק מיט אַ יאָהר צעהן, איז נאָך אין אידישען לעבען געווען אַ שטיל-שווייגען. ערגיץ וואו אין די ווינקלען האָט זיך עפּיס געוועבט, שטילערהייד עפּיס געטהון, עס איז אָבער אויף דער ליכטיגער וועלט נישט אַרויסבעוויזען געוואָרען. מעגליך, ווען ירמיהו טרעפט זיינע גלייכען, אמת׳ע אידישע אינטעליגענטען, וואָלט ער אַרייַנגעצויגען געוואָרען אין זייער אַרבייט און וואָלט אפשר אויפגעלעבט. ער איז אָבער אַרייַנגעפאַלען צווישען אַ גרופּע יונגע-לייט, וועלכע זיינען געווען פרעמד פאַר איהם. צווישען זיי איז אפילו איינער נישט געווען, וועלכער זאָל זיין ווי ער איינגעטונקט אין אידישקייט. דאָס איז געווען אַ גרופּע עקסטערנעס, אָנגעשמעקטע מיט די אידעאַלען פון דער רוסישער אינטעליגענץ און פון דער רוסישער קולטור האָבען זיי זיך געשפּייזט. די אידעאַלען פון דער רוסישער אינטעליגענץ און זייער קולטור אין די מחות און הערצער פון די אונגליקליכע עקסטערנעס האָט בעקומען גאָר אַן אַנדער אויסזעהן, בלייך און פאַרבלאָז זיינען זיי און צייטענווייז רופען זיי אַרויס אַ געלעכטער. ירמיהו פייארמאַן, אין דער ערשטער צייט פון זיין קומען, וויל זיך נעמען צו אַלגעמיינע למודים און ווערען אַ „מענש״, עס האָבען איהם געפעלט מיטלען דערצו, נאָר מעהר פון אַלעם — געדולד און חשק. וואַרפט ער זיך אויף די וויסענשאַפטליכע ביכער, מיט וועלכע די חברה איז פערנומען,

אויף בּיכער, וואָס בּעהאַנדלען געזעלשאַפטליכע פראַגען. די בּיכער אָבּער מאַכען אויף איהם קיין ווירקונג נישט, ער לעזט זיי אָהן קיין פאָרבּרייטונג און אָהן קיין שום סיסטעם, און דער עיקר — די בּיכער זיינען איהם פרעמד. די בּיכער ווערען איהם גיך נמאס, און ער לאָזט זיך אויף הפקר, צוזאַמען מיט דער אונבּעהאָלפענער און דערשלאָגענער גרופּע. עס איז נישטאָ קיין אידעע, קיין זאַך, וועלכע זאָל זיי צונויפבּונדען, דאָך קומען זיי זיך צונויף אַלע מאָל. עס ווערען בּיי זיי אויפגעהויבען פערשידענע לעבּענספראַגען, עס ווערען דערמאָנט מאַרקס, ניטשע, גאָרקי, טשעכאָוו, עס קומען אַרויף אידישע עקאָנאָמישע פראַגען, נאָר אין דער הונגעריגער, מאַכטלאָזער חברה ווערט דאָס אַלעס בּעטראַכט אַזוי ספּעציפיציש, מיט גאָר אַ בּעזונדער סאַרקאַסטישען בּטול. מען קריגט זיך מיט שטעכווערטליך, מען דערעסט גיך איינער דעם צווייטען און בּאַלד בּלייבּען אַלע מיט אַ שרעקליכע פּוסטקייט און שווערע־דריקענדע שטימונג. פּרובּט מען עפּיס וואָס זינגען; עס זינגט זיך אָבּער נישט. די אַלטע ליעדער האָבּען זיך אייַנגעגעסען, און קיין נייע איז נישטאָ. דעם ציוניסט אויף צו־להכעיס האַפּט זיך איינער אַרויס מיט „עוד לא אבדה תקותנו", דער עולם אָבּער בּלייבּט פערשטילט און אַלע פיהלען זיך אַזוי שלעכט. מען פערשטעהט שוין כּלל נישט, צוליעב וואָס אייגענטליך קלויבּט מען זיך צונויף. עס איז דאָך יעדען פאַר זיך לאַנגווייליג, וואָס זשע קומט מען פיהלען נאָך די לאַנגווייליגקייט פונ׳ם צווייטען?

ירמיהו פייארמאַן איז נישט אימשטאַנד זיך אָבּגעבּען דין וחשבּון פון זיין אייגען לעבּען, פון דער שווערע אָבּהענגיגקייט, וואָס פּולט איהם אָן און ער זוכט אַפילו נישט וואָסער ס׳איז אויסוועג דערפון. ווען דאָס לעבּען אין שטאָדט ווערט אונגעוועהנליך שווער און דריקענד, לויפט איהם דורך אַ אָבּגעריסענער געדאַנק: „ענטלויפען, ענטלויפען!... וואוהין? נאַר, ענטלויפען פון זיך אַליין?" בּיי אַזוינע מענשען, ווי ירמיהו, קענען נישט דורכגעפיהרט ווערען געדאַנקען פּאַמעליך, טריט בּיי טריט; זיי קומען אָן אַזוי פּלוצים און ווערען אַזוי פערשוואונדען. ער לאָזט זיך אייַנרעדען פון זיינע עלטערען און אויף זייער רוף פאָהרט ער צוריק אַהיים. ער איז גאָר הילפלאָז און טהון טהוט ער עס געגען זיין אייגען ווילען. „און צוליעב וואס בּין איך געפאָהרען אַהיים? — פרעגט ער זיך זעלבּסט — יאָ, איך בּין געפאָהרען נישט דערפאַר, ווייל עפּיס וואָס פעהלט מיר און איז אונבּעוואוסט פאַר מיר. מעגליך, דערפאַר בּין איך געפאָהרען, ווייל איך בּין שוין געוועזן גלייכגילטיג צו אַלע געשעהנישען און טהאַטען. און אפשר, ווייל ס׳איז בּיי מיר געוועזן פאַר אַ געוויס, אַז איך דאַרף נישט פאָהרען..."

און ער קומט אַזוי אַ היים אַ פערמאַטערטער און פערבּיטערטער.

פון שטאָדט האָט ער גאָרנישט מיטגעבראַכט, חוץ זײַן שווערע מידקייט. מיט מענשען איז איהם שווער זיך צו בעגעגענען, ער קאָן מיט זיי גאָרנישט רײדען. אַרײַנציהען איהם צוריק אין דער קליין־שטעדטילגער אַטמאָספער, פערנעמען איהם מיט דער אַרבײַט איז אונמעגליך, ווערט ער פעריקט ערגיץ אָן אַ זײַט, אָבגעריסען פון אַלעמען. ער געפינט זיך קיין אָרט נישט דאָרט, עס בעהערשט איהם אַ שרעקליכע פוסטקייט, אַ טעמפּע לאַנגוויי־ליגקייט, וועלכע קען פערשטיקען יעדער ווילען און טוידטען יעדעס גע־פיהל. „איך ווייס נאָר איינס — טענה'ט ער צו זיך — ווען איך וואָלט געהאַט די מעגליכקייט הערען דעם קול פון בעוואוסטזיין, וואָלט איך, ירמיהו פײַארמאַן, נישט בעדאַרפט לעבען אפילו איין שעה — און פון דעסטוועגען לעב איך און מאָרגען וועל איך לעבען. איך וועל זיך נישט בעפרײַען. נישטאָ אין מיר דער שטאַרקער ווילען זיך בעפרײַען, מיר פעהלט די אינערליכע פרייהייט...“

נישט אינגאַנצען איז ירמיהו דערשלאָגען, ערגיץ וואו אין די טיעפע־נישען פון זײַן נשמה גליט אַ פײַערעל. פערשטיקט איז עס, פערשטעלט, נאָר אַמאָל רײַסט עס זיך אַרויס, און ירמיהו דערפיהלט אין זיך אַ קראַפט און אין איינעם פון זײַנע בריעף רופט ער אויס מיט בעגײַסטערונג: „אַרום — ליכט און וואַרימקייט. און איך האָב ליעב דאָס לעבען. אַך, ברודער, ווי ליעב האָב איך דאָס לעבען, ווי איך פרעה זיך מיט מײַנע געפיהלען, מיט מײַן נשמה! מײַן הארץ צעגייהט אין מיר... — איך שטרעב!... איך דאָס קינד פון צער... — איך פיהל אין זיך אַ ניי און אַנדער לעבען — אין מיר איז בעהאַלטען דער חומר דערצו...“

פון וואַנען ציהען זייער מקור אָט די געהויבענע מונטער־געפיהלען? עס איז נישט אַ פּאַטאָס, וועלכער איז אַרויסגערופען דורך וואָסערע ס'איז אויסערע סבות, אָנגעבלאָזען פון דער זײַט. עס איז אַ בריה פון אינוועה־ניג — און גיך טאַקי ווערט ער פערשוואונדען, און ירמיהו פאַלט ווידער אַרײַן אין דער בלײַענער, דרינקענדער שטימונג. עס שטאַרבט אָב ביי איהם אינגאַנצען זײַן אינערליכע לעבען, זײַן געדאַנק, זײַן ווילען, ער ווערט שווער אויף זיך אַליין, ער ווערט אין זײַנע אייגענע אויגען מאוס און עקעלדיג, אַלעס איז איהם פרעמד, און קיין זאַך ציהט איהם נישט צו...

„אין דרויסען — אַ וועלט פון ווינטער, און אינוועהניג — אַ פינ־סטערער קבר...“

## IV

אין „מסביב לנקודה“ טרעפען מיר אַ יונגערמאַן, וועלכער איז בעגלייטעט מיט גרויסע האָפנונגען, וועלכער איז פול מיט מוט און ווילען אַר־

בײַטען פֿאַר'ן פֿאָלק, פֿול מיט גלויבען און אַכטונג צו זיך זעלבסט און צו זײַן אַרבײַט. זײַן אײגען לעבען, זײַנע אײגענע אינטערעסען — זײ קומען איהם אַרויף אויפ'ן געדאַנק זעלטען, פֿאַר איהם שטעהט איצט דאָס גאַנצע אידישע פֿאָלק, און נאָר דאָס גליק פֿונ'ם פֿאָלק און זײַן צוקונפֿט פֿערנעמען איהם.

אין אידישען לעבען, וועהניגסטענס ווי עס געהט דורך בײַ ברענער'ן, זײַנען פֿאַר דער צײַט, — פֿון „בחרף" ביז „מסביב לנקודה" — קײנע פֿערענדערונגען נישט פֿאָרגעקומען, אַזוינע פֿערענדערונגען, וועלכע זאָלען האָבען בכּח אומבײַטען דעם צושטאַנד פֿונ'ם אידישען אינטעליגענט. דאָס אידישע לעבען ווײַזט זיך אַרויס ווי פֿריהער פֿאַרבלאָז, אָרים, אײַנגעטונקען אין נויט און דחקות, פּײַן און לײַדען. ווי פֿריהער איז דאָס אידיש לעבען פֿול מיט בעגרענצונגען און רדיפֿות, עס איז אַפֿילו נישט פֿערקלענערט געוואָרען אויף וויפֿיעל ס'אי-ניט-איז דאָס וואַנדערען און אַנטלויפֿען. די פֿריהלינגס-צײַט קומט פֿאָר, אײגענטליך, נאָר בײַ די אינטעליגענטען. אָט די אַלע נײַע ווערטער, גרויסע פֿאָדערונגען און בעצויבערענדע האָפֿנונגען ערשײַנען און בלײַבען, ווי ס'ווײַזט אויס, נאָר צווישען די מעהר אָדער וועהניגער אינטעליגענטע קרײַזען, און מעהר פֿון אַלעם בעגײַסטערען זיך פֿון זײ נאָר די אינטעליגענטען.

אַזוי אײגענטליך ווײַזט זיך אַרויס אין „מסביב לנקודה". יעקב אַבּרמזון איז נישט צוגעקומען צו זײַנע מונטערע האָפֿנונגען מיט אַ לאָגישען אַנאַליז, ער האָט נישט דורכגעטראַכט זײַן וועג, ער האָט זיך נאָר אויפֿגעהויבען פֿון דאָס אידישע לעבען און זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען די טרוימען. מערקווירדיג איז, — וואָס די גאַנצע צײַט פֿון זײַן ערהאַבענער שטימונג, איז ער אָבגעזונדערט פֿון דאָס לעבען, פֿעריקט ערגיץ אײנער אַלײן אין אַ חדר און פֿערנעמט זיך מיט אַ ליטעראַרישער אַרבײַט, מיט אַ העברעאישען מאמר. אין „מסביב לנקודה" זעהען מיר כּלל נישט די אויפֿלעבונג פֿונ'ם פֿאָלק, די בעגײַסטערונג, וואָס זאָל פֿערנעמען ברײטערע שיכטען; פֿאַר אונז טרעט אַרויס אַבּרמזון, און בײַ איהם פֿערזענליך בעמערקען מיר אין אמת'ן אַ גרויסע פֿערענדערניש אין פֿערגלײַך מיט דעם פֿריהערדיגען ירמיהו פֿײַארמאַן.

אַבּרמזון לעבט אין שרעקליכער אָרימקײַט, דאָך קלערט ער וועניג וועגען זיך און זײַן אײגענער לאַגע. אַבּרמזון זעלבסט קוקט אויף זיך, ווי „אויף אײנעם פֿון די יונגע אידישע חלוצים, די אידען פֿון מאָרגען", זײַן ווילען האָט קײנע גרעניצען, און זײַן פֿאַנטאַזיע איז גרויס אָהן אַ שעור. ער רופֿט אויס מיט בעגײַסטערונג: „וואויל איז דעם אידען, וואָס איז געבוירען אין די איצטיגע דורות, אינ'ם דור פֿון אויפֿלעבונג! נאָר איצט האָט אַ

גרויסע בעדײַטונג דאָס לעבען פון אַ אידישען יונגערמאַן, איצט, אין דער אויפלעבונגס־תקופה, ווען עס וואַכט אויף דער אָריגינעלער און פרוכטבאַרער גײַסט און ער ווערט בענײַט, אין דער צײַט, ווען ס'קומט פאָר די שווערע מלחמה, און די אידישקײַט בעפרײַט זיך און ווערט אָנגעפולט מיט אַ נײַעם אינהאַלט, אַ נײַעם אינהאַלט". אין וואָס זעהט אַברמזון די אויפלעבונג, מיט וואָס פאַר אַ נײַעם אינהאַלט ווערט אָנגעפולט די אידישקײַט? דאָס ווערט נישט בעוויזען און געווים איז עס פאַר אַברמזון'ען אויך נישט קלאָר. דער עיקר איז עס נישט אַזאַ צײַט פון איבערמעסטען און איבערוואָגען. אַברמזון, ווען ער קלערט דערפון, איז עס בײַ איהם אַ געווים, ווײַל ער קוקט אַריבער דער ווירקליכקײַט און פאַר זײַנע אָפּטימיסטישע אויגען בעווײַזט זיך שוין אַלעס גאָר אין אַנדערע פאַרבען: „דאָס אײַז פונ'ם לאַנגען־שוואַרצען גלות איז שוין אײַנגעבראָכען. די זון מיט איהר גוטסקײַט איז אַרויס צו בעלויכטען די וועלט און אַלעס, וואָס אויף דער וועלט", און דערום בלײַבט נאָר צו רופען די בויער, זיי זאָלען קומען בויען. „דאָס פאָלק ערוואַכט, דאָס פאָלק לעבט נאָך, עס וועט זיך אומקערען פרײַ און שטאָלץ אין זײַן לאַנד, אויף זײַן ערד". און ער, אַברמזון, פיהלט אין זיך, אַז ער איז גערופען „צו שטראָפען און טרײַסטען, בעצאָהלען און מונטערען, וועקען די שלאָפענדע און ערציטערען די הערצער. דער גײַסט פון ישעיהו דעם צווייטען רעדט אין איהם, און זײַנע ווערטער זײַנען אויף זײַן צונג".

אָט אַזוי זעהט אַברמזון דאָס אידיש לעבען און אַזוי קוקט ער אויף זיך. ער איז אָבגעריסען פון דער ווירקליכקײַט, און זײַן אידעאַל איז נישט קײַן אויסגערעכענטער. ער אַנטלויפט גאָר פון פראַקטישעס. צו דער ציוניזם־אידעע בעציהט ער זיך מיט ליבע, נאָר פון די ציוניסטען איז ער אַוועקגעגאַנגען, צופיעל פערבינדען זיי זייער אידעאַל מיט פראַקטישע, וואָכעדיגע מעשים. פון די אַרבײַטער־פאַרטײַען איז ער אויך אָבגעריסען, — ער טראָגט אין זיך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק און אין זײַנע טרוימען שעפּט ער אוים דעם עבר מיט'ן עתיד פון דאָס גאַנצע פאָלק. בײַ אַברמזון'ען זײַנען נישטאָ קײַנע בעשטימטע פערספעקטיווען, זײַן האַרץ איז איבערפולט מיט גרויסע ערוואַרטונגס־געפיהלען, וואָס געהען נישט אַרײַן אין ראַמען: „ער האָט געזוכט, ער האָט געשטרעבט, ער האָט ערוואַרטעט אַ גרויסאַרטיגע ערוואַרטונג"...

די טרוימען זײַנע האָבען בעשאַפען בײַ אַברמזון'ען אַ אינערליכע האַרמאָניע. בײַ איהם פיהלט זיך נישט קײַן צוזאַמענשטויס צווישען דאָס אַלטע און נײַע יודענטום. קײַנע סתירות עקזיסטירען פאַר איהם ניט, נישט דער עבר דריקט איהם און נישט עס שרעקט איהם דער עתיד. פאַר

איהם שטעהט אויך נישט די פּראָבּלעם פון צווײַ וועלטען, די אידישע און אויסערע און זײַערע פערשיעדענע קולטורען. „אויף אַבּרמזונ׳ס טיש זײַנען געווען פערשפּרײַט העפטען, פּאַפּיער, ספרים און ביכער... די גראָבּע בענדער פון די וועלטליכע געלעהרטע האָבּען זיך געפרײַנדעט מיט די דאַרע כתבים פון די אידישע שרײַבער". ווי אַזוי אַבּרמזון איז געקומען צו דער אינערליכער האַרמאָניע פון די צווײַ וועלטען און זײַערע קולטורען— וועגען דעם איז נישטאָ אין „מסביב לנקודה". מעגליך, ווען־עס־איז האָט אַבּרמזון דערויף געאַרבּײַט,—איצט זײַנען בײַ איהם די קולטורען בעהעפט און צונויפגעפלאָכטען אינאײַנעם.

אַ צײַט איז אַבּרמזון פערשלאָסען אין זײַן אײַגענער וועלט, די וועלט פון טרוימען, האָפנונג און ערוואַרטונגס געפיהלען, און די ווירקליכקײַט מיט איהרע געשעהענישען מײַדט ער אויס. ער האָט זיך אָבּער לאַנג נישט געקענט האַלטען אויף זײַן הויך. די טרויעריגע בילדער פון דער אידישער אָרימקײַט, פּײַן און צרות, נויט און דחקות, די געשיכטע פון דער אידישער הילפלאָזיגקײַט און אונזיכערהײַט שלאָגען דורך אַ וועג צו אַבּרמזונ׳ען און הויבּען אָן רויבּען זײַן רוה. די אַלע טרויעריגע ידיעות, וועלכע דערגרײַכען צו איהם בעשולדיגען איהם „פאַר זײַנע ראָמאַנטישע טרוימען, פאַר זײַן ראָמאַנטישען ציוניזם און פאַר זײַנע כתבים, וואָס פערנעמען זיך מיט קונסט און שעהנהײַט". אונצופריעדען ווערט ער מיט זײַן אײַגענער אַרבּײַט און ער פרעגט זיך זעלבּסט: „וואָס קומט אַרויס פון דער שעהנהײַט, ווען דאָס פאָלק געהט אויס אין דחקות? וואָס פאַר אַ שירה איז עס, ווען זי איז נישט בכח פערקלענערען דעם צער, וואָס פערדאַרבּט לײַבּ און זעל?"

די פריהערדיגע לוסט און בעגײַסטערונג ווערען בײַ אַבּרמזונ׳ען פערשוואונדען, עס גנב׳נען זיך אַרײַן אין איהם שרעקליכע ענטוישונגס־געפיהלען, וואָס ערגערען איהם אַזוי אונדערבּאַרעמדיג: „ער טהוט. וואָס טהוט ער? מיט וואָס טרעט ער אַרויס געגען?" זײַן אַרבּײַט ווערט אָן אין זײַנע אויגען איהר גאַנצע בעדײַטונג, און ער טענה׳ט איראָניש מיט זיך אַלײַן: „ער ענדיגט אַ ספר, פעריכט, פערצײַכענט... חאַ־חאַ־חאַ... ער אַרבּײַט, ער פוילט זיך נישט"...

און וואָס ווײַטער — אַלץ גרעסער ווערען זײַנע לײַדען און טיעפער זײַנע איבּערלעבּונגען. פון די פריהערדיגע טרוימען און האָפנונגען איז גאָרנישט ניט איבּערגעבּליבּען, און די בנינים, וועלכע ער האָט אויפגעבּויט זײַנען, ווי אײַנגעזונקען געוואָרען אין אַנ׳אָבּגרונד. אַלעס האָט זיך אין זײַנע אויגען אומגעביטען, אומעטום זעהט ער איצט נאָר „טוידט, לאַנגווײַליגקײַט און אַ ריח פון אַ בית־הקברות". פון דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס האָט פריהער פאַר איהם אויפגעלעבּט, איז בײַ איהם איצט געבּליבּען אַ קלײַנע

צאָהל „פּשוט׳ע לעזער״ בטלנים, מיט צעטומעלטע, פערקרימטע מחות און פערטעמפּטע געפיהלען״, און אפילו אַט דאָס ביסעל, זעהט ער, ווי עס ווערט אַלץ ווענינער און ווענינער.

ווען אַבּרמזון׳ס אידעאַל וואָלט נישט געוועזען צונויפגעשטעלט בלויז פון הוילע טרוימען, וועלכע זיינען אַזוי ווענינ געבונדען מיט דאָס אידישע לעבען און אידישער ווירקליכקייט, וואָלט די ענטווישונג נישט געוועזען אַזוי געפעהרליך. נאָר דאַן קען אומגעביטען ווערען דער קוק און בעציהונג צום אידישען פאָלק, ווען פון דאָס אידישע לעבען זעלבסט וואָלטען אַרויס־געקומען וואָסערע ס׳איז שוידערהאַפטע געשעהענישען. דאָס אָבער, וואָס דאָס אידישע פאָלק איז בעפאַלען געוואָרען פון אַנדערע און דורך זיי גע־רויבט געוואָרען, דערפון קען נישט קומען קיין ענטוישונג אין אידישען פאָלק זעלבסט. אַבּרמזון אָבער איז נישט מסוגל איבּערעקלענען דאָס און דורכ־קלערען די לעבענס־געשעהענישען. ער איז אַראָבגעפאַלען פון זיין הויך און דער פאַל האָט איהם אינגאַנצען פערטומעלט. ער קען זיך צו קיין זאַך נישט נעמען, ער איז נישט מסוגל עפּיס וואָס טהון. צום סוף קומט אָן דער שוידערליכער קעשענעווער פּאָגראָם, וואָס ווערט אין צוגאָב בע־גלייט אין געוויסע אונזערע קרייזען מיט דער שרעקליכער פלאַכער גלייכ־גילטיגקייט און דאָס דערשלאָגט אינגאַנצען זיין אַזוי אויך אָבגעשוואַכ־טען מח.

עס ווערט ביי איהם אַ פּלאָנטער, פערשידענע קינדער־זכרונות און איבּערגעשראָקענע געדאַנקען וועגען די איצטיגע געשעהענישען בילדען ביי איהם אין מח אַ מין קאָשמאַר, און אַבּרמזון געהט אַראָב פון זינען...

V

די דראַמע „מעבר לגבולין״ איז אָנגעשריבען באַלד נאָך די רוסיש־אידישע פּאָגראָמען. אַ שרעקליכער וויסטער ווינד מיט אַ משוגה׳דיגער ווילד־קייט איז דורכגעגאַנגען איבער די אידישע גאַסען, אומגעוואַלגערט די גרויסע פעסטע בנינים און האָט חורבונות אָנגעמאַכט. אַ מאָדנער געדיכטער נע־בעל איז אָנגעפאַלען אויף אַלעס, זיך געלעגט שווער אויפ׳ן הארצען און אַ שרעקליכער אומעט, אַ שוידערע פּוסטקייט האָט אַלעמען אָנגענומען. עס איז צוגענומען געוואָרען די פריהערדיגע געהויבענע שטימונג, די בעצוי־בערענדע אידעאַלען זיינען פערשוואונדען, און אונצופרידענע אין זיך זעלבסט און אינ׳ם לעבען האָט מען זיך אָבגערוקט פון אַלעס, וואָס האָט פרי־הער אַזוי צוגעצויגען און בעגייסטערט. פון דער פריהערדיגער אַרבייט

האָט מען אינגאַנצען זיך אָבגעזאָגט, עס ווילט זיך אַפילו נישט אַרויפברײַנגען זי אויפ׳ן געדאַנק.

יוחנן מהרש״ק, די הויפּט־פיגור אין „מעבר לגבולין״, איז אפשר דער אײגענער יעקב אַבּרמזון, ער האָט אָבער איבּערגעלעבּט דעם שטאַרקען קריזיס פון די געשעהעניש׳ען. יוחנן מהרש״ק בערוהיגט זיך צובּיסלעך פון דער איבּערגעלעבּטער שווערער צײַט, ער איז בערוהיגט, אָבער נישט אויסגעהײלט. צוריק זיך אומקערען צום אַלגעמײנעם שטראָם איז אונמעגליך. די שווערע טונקעלע צײַט האָט אויף אײבּיג אַוועקגערויבּט די ברײטע האָריזאָנטען, די גרויסע טרוימען. פערגיפּטיגט איז ער פון די שוידערהאַפטע געשעהעניש׳ען, ער איז אָבגעשטויסען פון דער געזעלשאַפט און פערבּיטערט און אונבּעהאָלפען האָט ער זיך פעריקט אָן אַ זײַט. פערבּיטערט רופט ער אויס: „ס׳איז נישטאָ קײן האָפנונג פון קײן זײַט נישט! בּכלל זײַנען יודען אויף קײן זאַך נישט מסוגל!״ ערשט נישט לאַנג האָט אַבּרמזון זיך געפיהלט ווי אײנער, וואָס דערנעהנטערען די אידישע גאולה, ער איז געווען בּעפליגעלט מיט די גרויסע ברײטע פליגעל פון פאָלקס־אויפלעבּונג און אין זײַן אַרבּײַט האָט ער געזעהן גרויסעס. בּײַ יוחנן מהרש״ק זײַנען די פליגעל אָבגעהאַקט, און ער געפינט זיך שוין קײן אָרט נישט אין לעבּען. פון רוסלאַנד איז ער אָבגעפאָהרען אַ פערצווײפעלטער אָהן וואָסער ס׳איז ציעל. ער דערצעהלט: „קײן לאָנדאָן בּין איך געפאָהרען נישט צוליעבּ קינסטלערישע צוועקען, נאָר אַזוי זיך, פּשוט״. ער זוכט נישט אין לעבּען, ער שטרעבּט איצט צו גאָרנישט, ער טענה׳ט צו זיך: „ס׳איז נישטאָ קײן אידישע אומה, נישטאָ קײן אידישע נשמה, נישטאָ קײן אידישע ווערטהען, נישטאָ קײן אידישע שפּראַך״. צוזאַמען מיט דאָס גלויבּען אין פאָלקס־אויפלעבּונג, צוזאַמען מיט דער בּעגײַסטערונג, איז אָבגענומען געוואָרען דאָס גלויבּען אין די אײגענע כּחות. איצט איז שוין כּלל נישטאָ די פערזיכערהײַט אין דער אײגענער אַרבּײַט, זי זאָל קענען שאַפען נײַע ווערטהען און נײַע לעבּענס־פאָרמען. די ליטעראַטור איז אַ גרויסאַרטיגער טעמפּעל בּײַ אַבּרמזונ׳ען, יוחנן מהרש״ק קוקט שוין מיט אַנדערע אויגען דערויף: „איך וועל שרײַבּען אין זײערע בּלעטער, — אויבּ איך וועל שרײַבּען פאַר זײ גוטע זאַכען, אויבּ איך וועל אויף זײ ווירקען צו גוטען — איז גוט, אויבּ נישט — איז נישט״.

אין יוחנן מהרש״ק פיהלט זיך די קרענקליכע אויפגערעגקײַט, אונרוהיגע אונצופרידענהײַט בּנוגע צום אידישען לעבּען. די האָפנונגען, וועלכע זײַנען מיט זײערע וואָרצלען אַרויסגעריסען געוואָרען, האָבּען איבּערגעלאָזען וואונדען, און גענוג צו אָנריהרען יוחננ׳ען, ער זאָל אויסרופען מיט אַנגסט: „מיר זײַנען נישט קײן שלעכטע, מיר זײַנען מיסט, מיר זײַנען אַפילו

נישט מסוגל צו זײַן שלעכטע. מיר זײַנען מסוגל אויף אַלערלײַ דעות, מיר קענען ממציא זײַן גלויבענס, „נײַע ווערטער", נאָר מיר זײַנען נישט מוכשר לעבען אין פשוט'ען זין פונ'ם וואָרט. מיר זײַנען כּלל קײַן מענשען נישט".

אַזוי ווי פּאַר אַברמזונ'ען איז נישט געווען קלאָר זײַן אויפלעבונגס וועג, אַזוי אויך איז בײַ יוחנן מהרש"ק נישט בעגרינדעט זײַן פערצווייפלונג. איהם ווילט זיך נישט אומקערען אָדער אויפלעבען דאָס פערגאַנגענעס, ער פערהאַסט נישט זײַן פריהערדיגע אַרבײַט, ער קריטיקירט זי נישט, פשוט, עס ווילט זיך איהם נישט אַפילו אָן איהר זיך דערמאָנען. ער האָט זיך גלאַט אָבגעלאָזט אויף הפקר, און אַלעס, וואָס פריהער איז געווען, האָט ער פערוואָרפען הינטער זיך אויף אייביג.

און יוחנן מהרש"ק פערטראַכט אָנשרײַבען אַ זאַך מיט'ן נאָמען: „השארית", וואו ס'זאָל ווערען אַרויסגעשטעלט „די ליבע זיך אָבנאַרען מיט שעהנע טרוימען קעגען דער דריקענדער הכּרה פון דער ווירקליכקייט־וואַרהײַט". דער אינהאַלט זאָל זײַן פאָלגענדער: אַ יוד, אין דער איצטיגער צײַט, אַ טרוימער און אַ דענקער דערצו, וועלכע געפינט זיך צווישען צוויי פלאַמען: „אָדער זיך זעלבסט לײַגען און קעמפפען צוזאַמען מיט דעם הויפען יודען פאַר נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און אויפגעהן אין פאָטער לאַנד, — צו וואָס עס איז אין דער ווירקליכקײַט און אין דער טבע פונ'ם פאָלק קײַן יסוד נישטאָ, — אָדער פערשטעהן, אַז עס איז אונמעגליך צוריק זיך אומקערען און דערום אָננעמען דעם קאַטעגאָרישען סוף, ווי אַזוי ער איז"...

## VI

די הויפט־טיפּען אין די ווײַטערדיגע ווערק פון י. ח. ברענער „בין מים למים" און „מכּאן ומכּאן" האָבען קײַן איינעם פון די צוויי וועגען נישט אויסגעוועהלט. קען מען דען זיך זעלבסט לײַגען, מאַכען אַ אידעאַל, אין וועלכען מ'גלויבט אַליין נישט און דערמיט זיך בעגײַסטערען? זיצען אָבער אַזוי אינגאַנצען אָבהענגיג און מיט צונויפגעלייגטע הענד וואַרטען אויפ'ן „קאַטעגאָרישען סוף", — דערויף זײַנען ברענער'ס מענשען אויך נישט מסוגל.

טרעטען זיי אַרויף אויף אַ נײַעם וועג, אַ וועג, וואָס ווערט בעלויכטען מיט די שטראַהלען פון דער אייגענער נשמה. אויב עס איז נישטאָ בײַ זיי דאָס גלויבען און די האָפנונג אין דער אויפלעבונג פון דאָס אידישע פאָלק, אויב עס פעהלט בײַ זיי דערום אויך דער ווילען איבערבויען און איבעראַנדערשען דאָס אידישע לעבען, איז דאָך פאַראַן ד ע ר מ ע נ ש, ד ע ר י ח י ד,

ער מיט זיין ווילען צו לעבען, לעבען און שאַפען אין די אידישע ד׳ אמות. מען קען נישט צוציהען צו דער אידעע פון פאָלקס-אויפלעבונג די ברייטע פאָלקס-שיכטען, וועלכע זיינען צעבּרעקעלט, צעשטיקעלט, אָהן אַ שטאַרקען ווילען, אָהן אַנ׳אינערליכער איינהייט, אָבער דער יחיד, דער אידישער אינטעליגענט ער וויל ווייטער לעבען און לעבט אין די שאָטענס פון די אידישע געצעלטען. און כל זמן עס איז פאַראַן אָט דער יחיד, מוז זיין און דאַרף זיין אידישקייט, אידישער גייסט, אידישע פּראָבּלעם, וועלכע זיינען אַ חלק פון זיין „איך״, פון זיין וועזען.

ביי שאול גמזו („בין מים למים״) טרעט אַרויס אָט די שטימונג אונבעוואוסט, גאָר נישט קלאָר. ער איז געקומען צופאָהרען קיין ארץ-ישראל. וואָס האָט איהם געבראַכט אַהער? ער אַליין ווייסט נישט קלאָר און קען דערויף גאָרנישט ניט ענטפערען. זיין קומען האָט געוויס מיטגעהאָלפען פנינה, אַ מיידעל, וועלכע ער האָט ליעב געהאַט. אָהן ספק אָבער, אַז פנינה איז נישט די הויפּט סבה, ער וואָלט סיי ווי סיי געקומען אַהער. „אַזעלכע סוביעקטען ווי מיר, — זאָגט ער איינמאָל — קענען לעבען דאָ, און אפשר נאָר דאָ״... אין ארץ-ישראל, ווי אַ לאַנד, וואָס קען פערענטפערען די אידישע פראַגע, גלויבט ער נישט... „דער געדאַנק פון פינסקער און הערצל וועט דאָ נישט פערווירקליכט ווערען. אַלע זעהען עס, אַז נישט. רעטען דאָס פאָלק — ווער גלויבט נאָך איצט אין רעטונג... פריהער, אמת, האָט מען געגלויבט, געווען אַזוינע, וועלכע האָבען געגלויבט. נישט אַזוי? אָבער נסים ווערען נישט געטהון. דאָס אָרט איז שוין לאַנג ביי פרעמדע... און מיר קומען צו זיי... מיר... ווער זיינען מיר?... דער גוף פון דער נאַציע איז שוין צעפאַלען... נאָר, לאָמיר לאָזען צורוה די אידען-פראַגע, וועלכע קען נישט געלעזט ווערען... מיר שמועסען דאָ וועגען דער פראַגע פון אונזער אייגען לעבען... פשוט... נישט צוליעב אַנדערע... פאַר אונז אַליין״... און דאָס, וואָס שאול גמזו טהוט אין ארץ-ישראל טהוט ער עס אָהן שום בעגייסטערונג, אָהן רעיונות וועגען אידישער גאולה, וועגען אידישער אויפלעבונג. ער איז נישט אימשטאַנד זיך בעגייסטערען, מיעד איז ער פון זיין אייגען לעבען און האָט אַ פנים פון אַ מענש, וועלכער האָט נישט לאַנג איבערגעטראָגען אַ שווערע קראַנקהייט; די געפעהרליכקייט איז אמת פאָריבער, אָבער אין איהם אינוועניג ליגט בעהאַלטען די וואונד. אומעטיג איז ער שטענדיג, קיינמאָל ווייזט זיך נישט אויף זיין פנים קיין שמייכעל, קיין פרעהליכע מינע.

צוערשט איז ער פערנומען אין אַ שוהל אַלס לעהרער, ער בעשעפטיגט זיך אַמאָל מיט שרייבען אַ לעהר-בוך, ער בלייבט אָבער שטענ-

דיג מיט זיך, מיט זיין אייגען וועלט׳ל. דאס, וואס עס טהוט זיך ארום, אינטערעסירט איהם נישט און ערוועקט נישט אין איהם קיינע געפיהלען. אין די פערשיעדענע חברות, וועלכע זיינען פאראן אין ארץ ישראל און זיינען פערנומען אין „בויען", נעמט ער קיין אנטייל נישט. ער בעזוכט אפילו נישט די טרויער־פערזאמלונג אין „בית־עם", וואו מען איז מספיד דעם געהרג׳עטען אידישען שומר. אין דער צייט איז ער צוגעבונדען צו דער קליינער הדסה, וועמען ער האט שטארק ליעב געקריגען, מיט וועלכער ער וויל אפשר אנפילען דעם ארט אנשטאט פנינה׳ן, וועלכע געהט אלץ פון איהם אוועק. סוף־כל־סוף פאהרט פנינה אב פון ארץ־ישראל, ווי דאס רוב יונגע־לייט, און די קליינע מילדע הדסה ווערט פערשלאפט און שטארבט. דאס לעצטע, וואס בינדט צו־שאול גמזו׳ן צום לעבען, ווערט ביי איהם ארויסגעריסען, און ער פערלאזט אלעס און פאהרט איבער אין א שטילער, פערוואָרפענער, פערלאזטער אידישער קאלאניע, וואו ס׳איז פערבליבען א אידיש בית־עלמין מיט זיין פאטערס מצבה און עטליכע איינזאמע, פערשלאגענע הייזלעך, און אנ׳איינזאמער ציהט דארט שאול זיינע טעג.

דאס לעבען אבער בכלל, דאס לעבען, די מענשען און אלעס אין לעבען האט אבגעטראטען אן א זייט, ווי פערשוואונדען געווארען, געבליבען איז נאר ער איינער, שאול גמזו אליין, מיט זיינע שטימונגען און געפיהלען. און קיין שטרעבונג צו מענשען און ישוב איז נישטא ביי איהם, קיין ווילען דערגרייכען צו זיי.

ווען עס איז, כדי צו פערגרינגערען די לאנגווייליגקייט נעמט ער איבערשרייבען אויף ריין זיין נישט פערענדיגטע חרעסטאמאטיע, דאס רוב שפאצירט ער ארום איינער אליין איבער די ברייטע פעלדער, ברייננגט ארויף אויפ׳ן געדאנק בילדער פון זיין אמאליגען לעבען, און מיט די ערינערונגען פון די פערגאנגענע יאהר׳ן שפייזט ער זיין נשמה אין דער שטיל, ווייט פון מענשען און מענשען־גערויש...

## VII

בולט׳ער און טיעפער טרעט ארוים פאר אונז אובד־עצות, דער הויפט־טיפ אין ברענער׳ס ווערק „מכאן ומכאן". דער טיפ בכלל איז טיעפער, ליידענדער, און זיינע איבערלעבונגען זיינען פערוויקעלטער ווי ביי די פריהערדיגע ברענער׳ס מענשען. פאר אובד־עצות געהט נישט דורך קיין איין בעגעגעניש, וועלכע זאל אויף איהם שטארק נישט ווירקען און צווינגען איהם קלערען וועגען דעם. און זיין קלערען איז נישט קיין קאלטעס, לאגי-

שעם, נאָר עס איז בײַ איהם געקניפּט און געבונדען מיט זײַן אינערליכען „איך", מיט זײַן גאַנצען וועזען, מיט די סאַמע פערבאָרגענסטע וועלט־מחשבות. אַנ׳אומעטיגע מחשבה, ווי באַלד זי פערנעמט איהם, דרינגט זי אַרײַן אין זײַן נערוועזען מח, פערגיפטיגט איהם און פיהרט איהם כמעט ביז צו שגעון. זײַן האַרץ איז אַ נעסט פון פערשיעדענע ווידערשפּרע־כענדע געפיהלען און שטימונגען, וואָס ראַנגלען זיך מיט פערביטערקייט און גיפט אַזוי לאַנג, ביז ער בלײַבט אַ פערמאַטערטער.

אַמאָל איז ער איבערפולט מיט האָפנונג און ערוואַרטונגס געפיהלען. אויף אַ ווײַלע פערגעסט ער אָן זײַן יאוש און גיט זיך איבער די טרוימען איבער דער אויסלעזונג פון יחידים, איבער די נײַע פאָרמען אין אידישען לעבען. דאָס אָבער דויערט בײַ איהם נישט לאַנג. שטענדיג איז ער אָנגערייצט, רעדט וועגען די פערשיעדענע טרויעריגע בילדער און פאַקטען אינ׳ם אידישען לעבען מיט בײַסענדען סאַרקאַזם, מיט שטעכענדע, בעליידיגענדע אויסדרוקען, און דאָס טריפט אַרויס בײַ איהם פון זײַן טיעף־פערוויימאָגט האַרץ און פערשאַפט איהם אַלײן גרויסע ליידען.

זײַענדיג פערוואָרפען אין אַ גאַליציאַנישע שטאָדט, אַלס אַ העברע־אישער לעהרער, קומט איהם אוים זיך צוקוקען צו דער מאַטעריעלער און גײַסטיגער אָרימקײַט פון די יודען, צו די עקעלהאַפטע צורות פון די אי־דישע יונגע־לײַט און אין אַ צײַט פון גרויסען יאוש און פוסטקײַט קומט אָן ווי אַ בליץ דער געדאַנק, זוכען אַנ׳אויסוועג אויף אַ נײַעם באָדען, אין ארץ ישראל, אויף דער ערד, וואו ער וועט קענען געפונען רוהה פאַר זײַן שוואַכען גוף און פערוויימאָגטער נשמה. קיין גרויסעס האָט ער פון דאָרט נישט ערוואַרט, ער געהערט קיינמאָל נישט צו די אויפלעבונגס־טרוימער. ער פלעגט קיינמאָל נישט רײדען וועגען אויפלעבונג, וועגען אויפלעבונג פונ׳ם אידישען גײַסט, וועגען אַרויסגעהן פון געטאָ. „רענעסאַנס, אויפ־לעבונג — דאָס זײַנען גאַנץ בעצויבערענדע ווערטער, נאָר בײַ אונז האָבען זיי קיין אָרט נישט. — — — מײַן ציוניזם זאָגט מיר: ס׳איז געקו־מען די צײַט פאַר דעם לעבעדיגסטען טייל בײַ יודען, ער זאָל אויפהערען זיצען מיט פרעמדע און אויפהײַנגען אַלעם אויף דאָס שלעכטקײַט פון פרעמדע. די אידישע יונגע־לײַט דאַרפען פערשטעהן וואָס אַזוינס פאַר זיך איז זייער פאָלק אין עבר און איצט, און וואָס זײַנען זיי, די יונגע־לײַט, איצט און אין צוקונפט. דער אידישער גײַסט? — דאָס איז גאָרנישט. די גרויסע ירושה? גאָרנישט מיט גאָרנישט. שוין הונדערטער יאָהרען וואוינען מיר דאָ, צווישען די פוילען. הונדערטער יאָהרען שפּײַען אָט די פאַסקודניקעס אין אונזערע פנים׳ער, און מיר האָבען אָבגעווישט דאָס שפּײַעכץ, געזעסען און געשריבען פלפול און דרוש ספרים; שטות און

עֶקעלדעס איז אונזער גײַסט. עס איז געקומען די צײַט אָבשאַצען זיך זעלבסט, ווי ס׳דאַרף צו זײַן, און אונזער בעדײַטונג איז כּלל נישט גרויס — — —״.

דעם גאַנצער תּיקון, — פאַלט איהם אַמאָל אײַן, — קען מען האָבען, אויב מ׳וועט זיך אומקערען צו ערד אַרבײַט. מען דאַרף פּרובּען אויפגעהען אַ היִ ן, און זיך איבּערצײַגען. אָט די שטימונג און איבּערהויפּט דאָס ווילען געהאָלפען ווערען מיט דער אידישער פּראָבּלעם איז זעהר זעלטען בײַ אובד-עצות. קײַן ארץ-ישראל פאָהרט ער אמת, נאָר ער האָט שוין וועהניג וואָס אין זינען זײַנע אײגענע ווערטער. ער איז נישט שייך צו די אידעאַל-טרעגער און נאָר שנאה און האַס רופען זײ אַרויס בײַ איהם דערפאַר, וואָס זײ בּויען זײער בּנין אויף אונמעגליכעס.

ער קומט אין ארץ-ישראל און וויפיעל זײַן דמיון האָט איהם פריִ-הער נישט פאָרגעשטעלט די אָרימקײט, דחקות, פערצווייפלונג און קנעכט-שאַפט, טרעפט ער דאָרט אַלעס אין אַנ׳ערגעריער לאַגע. „די ווירקליכקײט, ווײַזט אויס, איז שטענדיג ערגער פון דער סאַמער שוואַרצסטער פאַנטאַזיע״. און אין עטליכע טעג אַרום האָט ער זיך פּותר חלום געווען: הן דעם חלום וועגען איבּעראַנדערשען זײַן אײגען לעבען, און אומקערען זיך צו דער מאַמע-ערד, און הן דעם חלום—דורך טויזענדער, ווי ער, אַרײַנטראָגען עפּיס וואָס נײַעס אין אידישען לעבען.

דאָס אידישע פאָלק, אַלס אַ גאַנצעס, איז שוין פאַר אובד-עצות נישטאָ. עס זײַנען פאַראַן אידען, אַ פראַגע פון אידען. דאָס אידישע פאָלק בּעווײַזט זיך איהם אין טרויעריגע, העסליכע און עקעלהאַפטע בּיל-דער, אומעטום ווײַזען זיך פאַר איהם גסיסה-ליידען און שרעקליכע מאַטערנישען, און קײן אויסוועג דערפון זעהט ער נישט. נישט עס איז דאָ דער אויסוועג, נישט די אידען ווילען איהם, דעם אויסוועג. „מיר לויפען אַרום ווי מײַז פון אײן אָרט אויפ׳ן אַנדערען... קײנער וויל אונז נישט — — — און שטענדיג איז געווען אַזוי... מיר האָבען זיך פער-ענטפערט פאַר גאָט, געוואַרט אויף אונזער משיח, געגעבען געלד אונזערע רוצחים — און זײַנען געלאָפען פון אײן אָרט אויפ׳ן צווייטען... שטענדיג און אומעטום האָט מען אונז געקוילעט, און מיר האָבען פערעפּושט דעם אויר מיט אונזער פערגאָסענעם-בּלוט, און איצט, — אומעטום טהוט מען אונז שלעכטס, אומעטום טהוען מיר שלעכטס — און גאָרנישט... — — — פאַר אונז, יודען, איז קײן תּרופה נישטאָ. פאַרפאַלען״ — ענדיגט ער מיט אַ בּיטער געמיטה און בּלוט טריפט זיך איהם בּשעת מעשה.

אָבער וויפיעל עס זאָל זיך איהם נישט וועלען אָבוואַרפען אינגאַנ-צען די געדאַנקען וועגען דער אידישער צוקונפט, וויפיעל ער זאָל בײַ זיך

נישט בעשליסען, אז אלעס איז שוין פארפאלען, דאך פערנעמט איהם אלע מאל און נאך שטארקער די אידישע פראבלעם און ער קעהרט זיך אום צו איהר מיט פערשידענע וועגען. ער קומט-צו צו א וועלט-אנשויאונג, וואס איז פול מיט ווידערשפרוכען, עס פעהלט איהם שוין אינגאנצען דאס גלויבען אין דער אידישער צוקונפט, ער זעהט שוין קיין אידיש פאלק נישט, אבער ער פיהלט א נויטווענדיגקייט און א ווילען צו שאפען און טהון. אין ארץ-ישראל גלויבט ער נישט, און פערקעהרט נאך, ער האלט, אז מ'וואלט בעדארפט, איינמאל פאר אלע מאל, א סוף מאכען מיט דעם פאלשען חלום „ארץ-ישראל". „ווען ס'וואלטען געווען אידען אין דער וועלט, ווען ס'וואלט געווען כדאי צו ריידען, און, ווען מיין קול וואלט געהערט געווארען, וואלט איך געשריגען צו זיי: פערלאזט זיך נישט אויף דעם חלום. דאס איז א שרעקליכער חלום (חלום בלהות). ווי עס איז — איז עס א פאלשער חלום. אויב עס איז נאך איבערגעבליבען ווער עס איז אינ'ם פאלק און אויב זיי קענען זיך בעפעסטיגען אין זייערע ערטער — זאלען זיי זיך פלייסען עס צו טהון". און זיין אבלייקענען ארץ-ישראל דער-גרייכט צו אזא מאס, אז צייטענווייז פיהלט ער זיך זעלבסט פאר א שולדיגען, וואס ער זיצט אין לאנד און דערמיט האלט ער אונטער די פאלשקייט, דעם ליגען. „איך טאר נישט מיט מיין אומגליקליכען לעבען דא (אין פא-לעסטינא) שטארקען די שרעקליכע אילוזיע פון דעם אויפלעבונגס-חלום". אזוי קלערט ער אמאל ביטערליך, אמאל אבער לאכט ער פון אט די מחשבות, אבער ער פערשטעהט נישט און פרעגט זיך: „וואס האב איך דא צו טהון? אלץ איז דאך שוין פערענדיגט"; „וואס זשע האלט איך זיך ביי די ווינקלען פון דעם צעפאלענעם מזבח?"

ווי גרויס אבער עס איז נישט דער כח פון אבלייקענען, ליגט פארט ערגיץ אינוועניג, טיעף אין הארצען ליעבע און צוגעבונדענקייט צום פאלק, און ווילען, הייסער ווילען טהון פאר'ן פאלק. און אזוי, גאר אינ-סטינקטיוו הויבט זיך אן בילדען ביי אובד-עצות א מין פשרה צווישען זיין פעסימיסטישער ענטוישונג און דעם ווילען צו לעבען און טהון, צווישען דעם גאנ-צען אבלייקענען דעם קיום פונ'ם פאלק און דעם גרויסען ווילען ווייטער ציהען דעם קנויל:

טרויעריג איז טאקי די אידישע לאגע. דאס אידישע פאלק ווערט אן אלץ מעהר און מעהר זיינע אטריבוטען, וואס ווייטער גליטשט זיך ארויס אלץ מעהר דער באדען פון אונטער די פיס, די גסיסה-ליידען זיינען גרויס און שרעקענד, — קען מען דען זיי אינגאנצען אבשטעלען? איבער-בויען דאס גאנצע אידישע לעבען, — ווער קען עס טהון? עס זיינען נישטא קיין מעגליכקייטען דערצו און קיין אמת'ער ווילען אויך נישט. וואס זשע

זאָל וויַיטער זיַין? וועט דאָס אידישע פאָלק איַנגאַנצען אונטערגעהן, פער־שוואונדען, נישט בלייַבען? און אובד עצות ענטפערט דערויף: „ווער קען זאָגען, וואָס וויַיטער וועט זיַין? אין הארץ זיַינען פאַראַן פערשידענע נביאות. אָבער יעדענספאַל אָט דאָס הארץ, אונזער הארץ, אין וועלכען עס שטויסען זיך די אַלערליי נביאות וועגען דאָס לעבען און טוידט פונ׳ם פאָלק — אָט דאָס הארץ וועט דאָך נישט שטאַרבען?! און פון דעכט־וועגען? דאָס הארץ וועט געוויס שטאַרבען, און פון דעסטוועגען, כל זמן די נשמה איז דאָ, הערען מיר נישט אויף צו לעבען, זאָרגען וועגען אונ־זער לעבען, קלערען דערפון".

און אין אָט די דאָזיגע געפיהלען זעהט ער דעם זכות פון דעם וויַיטערען לעבען פונ׳ם אידישען פאָלק. קען ער נישט פון אויסען בע־פעסטיגען און בעגרינדען די עקזיסטענץ, געפינט ער אינוועניגסטע, ריין פסיחישע ענטפערען:

וואָס איז מיר, וואָס עס ליגט אויסגעגאָסען אזא מין שוואַרצע, טוידטע פאַרב אויף אַלעם אידישעם, וואָס איז מיר, וואָס עס איז אויסגע־גראָבען אַ שרעקליכער תהום פאַר אונז, — איך, דער פרט, דער יחיד, לעב און וויל לעבען און איך קען נישט לעבען אַנדערש נאָר ווי אַ יוד, אין אידישע לעבענס־פאָרמען און דערום וויל איך דאָס אידיש לעבען זאָל זיך וויַיטער ציהען, און די פאָרמען פון דאָס אידישע לעבען זאָלען זיך פערפייַנערען, פערבעסערען —

איך, דער יחיד, לעב און וויל לעבען — — —



## אינהאלט:





---



---